# אין דער מורעשקע

## גערּאָטן

### צו אַלדי גוטע יאָרן...

איז אפשר אַן אומרעכט
פון מיין זייט —
די שולד אַרויפצוּוואַרפן אויף דער צייט
און טענהן — זי האָט עס געמאַכט מיך
פאַר אַ הפקר־יונג
און נוקם ונוטר...
נאָר גראָד אַצינד,
ווען ס'שפרייט זיך איבער מיר
דער הימל לויטער
אין אור יהודה
און ס'עטעמט זיך מיר פרייער,

צעשרייען זיך, צעבושעווען אין האַרצן מיינעם
די אָן אַ שיעור
עוולהס, גאַזלאָוואַיע לגבי מיר;
און כ'גיי זי נאָך די צייט
מיט פּריטשעפּקעס סאָלדאַטסקע,
מיט בייזע וויצן בין איך זי מכבד כוואַטסקע;
כ'האָב אָנגעיאָגט זי, אויג אויף אויג,
ביים וועלדל,
מיט עזות כ'קוק אין פּנים איר און מעלדע:
איך וועל דיך בלויז אַ צענדליק טריט באַגלייטן
און מיינע ווערטער אויסצוהערן נייטן:
אין מיין יעדער וווּנד איז, צייט, דיין חלק,
דיין באַשטייער,
דיך ציט, ווי אַ מאַגנעט — צו שפּילינקען מיט גזר
און פייער.
ווי זיין וואָלסטו גאָר צוליב דעם באַשאַפן,
גיי, גיי, ניט קוק זיך אום,
כ'וועל עטוואָס אָנטרעטן דיר
אויף די שיינע דיינע די געשניצטע קנאַפּל,
נישט מסוכן,
נאָר מיט אַן אַווטאָמאַט
ניט שטויסן דיר אין רוקן,
ווי מיך, ווען מ'האָט מיך קיין סיביר
פאַר יידישקייט געטריבן
אויף מיין איין פוס צעווווּנדיקטן
(דער אַנדערער אין שלאַכט איז
ביי בערלין געבליבן),
דאָרט אין סיביר, בין איך געווען אַ שקלאַף,
אַ בידלע מיט אַ נומערל...
כ'וועל דיך, יפהפה צייט,
בלויז נאָך אַ קאַפּעטשקע פאַראומערן,

דערקוטשען, ווי אַזוי ס'האָט דער מחבל דייטש,
ווען כ'בין געווען אין שלאַכט ביי סטאַלינגראַד,
אַריינגעשטופּט אין גרוב, ביז ראַנד אין בלוט,
מיין פרוי,
מיין קינד,
מיין מאַמען...
ניט יאָג זיך אַזוי, גנעדיקע,
וועסט ניט פאַרזאַמען,
פּאַוואַלינקע, ספּאַטיקע זיך ניט, צייט,
דאָ שטאַרצט אַ פּניאַק,
אַ דאָרן,
היפּער איבער... נו, גיי שוין, גיי
יפהפה'טשקע,
צו אַלדי גוטע יאָרן...

* *
*

"היינט בין איך אויך אַ שטיקל קלינגענדיקער קופּער".
פון דוד האָפשטיינס ליד "פּראָצעסיע", 1917 י.
"...און נייע קראַפט און נייע כוחות ערגעץ לייען"...
פון זיין ליד "ווי' טרויעריק־זיס איז מענטש צו זיין"...

כ'וועל ביי דעם ביטערן סיבירער קרירה־ווינט,
וואָס מיר די הויט פון פּנים מיינעם שינדט
ניט בעטן —
כוחות מיר אַנטליי!
כ'פאַל פון די פיס
און סיי־ווי־סיי
וועט דער סאַלדאַט,
וואָס האַלט אַנטקעגן מיר דעם אַווטאָמאַט,

מיך פלעטן
מיט אַ יופּע אַ יעווּנישער:
— ווסטאַוואַי! *)
מיט לעצטן אָנשטרענג
כ'הייב זיך אויף און טופּע...
די יאָרן לויפן דורך פאַרביי,
ווי הינט געשלאָגענע...
ס'דוכט, גאָר נישט לאַנג,
אין גרויסן זיבעצנטן
בין איך אויך געווען —
„אַ שטיקל קלינגענדיקער קופּער".
אין מיטן פון המון
געשפּאַנט אין שלאַכט
מיט ברוסט צעכראַסטעטער,
זיך ניט געשוינט...
— — — — — — — — —
אַצינד...
אַ פערד־אַרויסגעשליידערטער,
אַ שברי־כלי,
אַרום מיין האַלדז
נאָך שטייפער אַלץ
מיין נעבעכדיקן שאַליקל כ'פאַרבינד
און טראָט ביי טראָט,
פאַמעלעכקע,
מיט ציטערניש
זיך שאַר
אַן איינזאַמער
איבערן דינעם אייז געפערלעכן
פון טראָטואַר...

1967, י. מינסק

*) ווסטאַוואַי! — רוסיש: שטיי אויף.

* *
*

**„אַ שפּענדעלע" 1917 יאָר,**
**דוד האָפּשטיין**

אויף מענטשן סוחריש קוקסט
מיט בליק מיט שטעכיק־שאַרפן:
„אַ קליינער היזק,
כ'וועל מער אים ניט באַדאַרפן,
אַן אויסגעריבענער בעזעם,
אין מיסט־מאַשין צו וואַרפן..."

— — — — — — — — —

דערמאָנט זיך מיר האָפּשטיינס —
„דו קליינינק שפּענדעלע, דו איינס,
דו, קום מיט מיר, איך דאַרף אַזוינס,
דו ביזט מיר האַרציק־טייער!
אַ קליינינק שפּענדעלע אַ ריינס —
צו בלאָזן פייער!"

1969 י. מאָסקווע.



אין גרויזאַמער גאַגלידזע־תפיסה, *)
קאַמער־קאזעמאַט,
מעת־לעת׳ן אויף דער נאַרע כ׳שווייג,
פאַרשטיקט אין זיך, אין אַט דער שטייג,
זיך האָבן מיינע ציין צעקרישלט,
פון ווייטיק־פּיין שוין ניט געהאַט
מיט וואָס די נעגל זיך צו בייסן,
פון טויט־געשפּענסט דערדריקט, פאַרהאַסט
מיט בלאַנדזשענדיקן בליק צעשרויפט
ביז משוגעת,
כ׳פלעג צופן, רייסן
פון קין מיינעם
די שטעכיק־ברידקע, ברודיק ווייסע האָר.
דאָך אויסגעהאַלטן האָט מיין זינען —
אַ וואָלקנדל אין הימל לויטער־קלאָר
און הערט ניט אויף אויך היינט
מיר ליכטיק טריי צו דינען.

*) גאַגלידזע — סטאַלינס סאטראפּ אויפן סאָוויעטישן ווייטן מזרח.



אַ לאַנקע מיט שטיינער און דערנער...
און איך אין געשטאַלט פון אַ זאַנג,
אַ רייפן, אַ פולן מיט קערנער,
געפלעפטן פון זונען־געטראַנק.

אַ ווינטל מיר קיצלט די וואָנצעס,
די קערנדלעך אַלע צעשיט;
אין געלן, אין שטרויענעם אָנצוג
כ׳שטיי איינער אין פעלד אין דער מיט.

פון צווישן די שטיינער — אַן אימה —
דערנענטערט זיך אַ סקאָרפּיאָן...
די שלעכטע און וויסטע חלומות
פון וואַנען זשע קומען זיי אָן? —

דער רוח, דער טייוול גאָר ווייס זיי,
פון וואַנען זיי קומען צו גיין.
חלומות משונה׳דיק־בייזע
פאַרשפּינען דעם מאַרך און געביין...



בעסער אַלצדינג
אויסלייגן צום גוטן,
טרעפן זאַלסטו מיך
אַן אויסגערוטן.
לאַכן וועסטו,
מאַכן פון מיר טורעס,
ס'פּאַלט מיר איין דאָס בלוט
פון שלעכטע בשורה'עס.
פאַר איך אין אַ שטאָט אַוועק
אַ צווייטער,
פאָרן מיט מיין אומרו
און מיין ווייטיק
און בייננאַכט מיין האַרץ נעמט ממש
טראַסקען,
ניט קיין האַרץ —
אַ מייזעלע אין פּאַסטקע...
וויזשע דער נשמה
צו באַפוילן
אָפּצושטויסן
אַלע פּחדים, גרוילן...



ווען ליב איז די לאַסט,
מיט וואָס פאַר אַ פרייד
און געשיקטקייט ביסט גרייט
דיין אַקסל איר אונטערצושטעלן.
אָבער ווערט זי פאַרהאַסט,
גאָט באַהיט —
ניט וועלן
וועסטו מיט קיין איינציקן שריט
איר אַנטקעגן צו קומען.
בלית ברירה — מע זאָל אויף דיר ברומען,
דיך צווינגען, באַפעלן...

מינסק. 1967.

* *
*

...אַראַפּגעריסן פון דיין ווייסן
קלאָרן האַלדז
דעם שיינעם קראַנץ קאַרעלן,
מוטער־פּערל
און יעדער איינציקער קאַרעל
אין ברוד
צעטראָטן וואַלגערט זיך
באַפלעקט מיט בלוט
און אַרום דיר כאַכאַטשען,
קוועלן
די קנאַלנדיקע בייטש,
די פייפנדיקע רוט —
עס איז זיי שטאַרק
די חתונ׳קע געפעלן...

## רק האָרך זיך איין

רק האָרך זיך איין
און קוק זיך אום,
צי לויערט ווער אויף דיר
מיט אַ געברום.
אָט פאַלן קען אַ שטיין
פון העלער הויט,
אָט בלייבסטו ווידער
אָן אַ שטיקל ברויט,
מע טרייבט דיך צו אַ חורבה,
אין אַ שטאַל
און ס׳דוכט, אַ הילך טאָן
וועט אין לופט
אַ שאָס־געקנאַל...

מינסק, 1967



איך האָב שוין לאַנג צו קיינעם
קיינע טענה'עס ניט.
די עוולה'עס און די קריוודעס מיינע,
די קוועלענישן און געברענטע לייד,
גריזאָטעס און דאַסאַדעס,
כ'האָב ווי אַ פּעקל שמאַטעס
צונויפגעבונדן, אויפגעדרייט
און עס אַ שמיץ געטאָן אין כף הקלע,
צווישן קרוע־בלויה
אויפן בוידעם, צי אין שטאַל —
און פּטור שוין האָב איך געמיינט,
נאָר ס'לאָזט זיך אויסעט — ניין:
דורך אַ שפּאַרונקעלע אין מיין נשמה,
עס שטעקט פון צייט צו צייט
זיין שפּיציק מאָרדעלע אַרויס
מיין כל־חמתי,
אויף מיר אַ קוק גיט קאָסע
מיט אויפגעפלאַמטע אויגן
און דאַן שוין דאַרף מען ניט קיין סך,
אַ שוועבעלע בלויז צוצולייגן
און, כ'צינד זיך אָנעט
ווי אַ שטרויענער דאַך...



כדי אין דיר צו טרעפן מיט מיין שאַרפער פייל,
פונקט ווי אין "עפּעלע" אין סאַמע צענטל,
איך מוז לכל הפחות
צווישן אונדז
אַוועקשטעלן אַ ווענטל.
און בעסער זיין פון דיר אויף טויזנט מייל.
דיין פאַלשקייט,
וואָס איז אומגעהויער,
הינטער די אויגן זע איך בולטער, גענויער...

מינסק, 1970 י.



אינדערהייך שטרעקט אַ וואָלקנדל אויס, דאַכט מיר,
העל־ווייסע פינגער.
דערמאָן איך מיר פלוצעם די שוידערלעך־
פינצטערע טעמפלען...
וווּ מען האָט מיינע פינגער געצויגן,
כדי אָפּצושטעמפלען...
איז אַצינד מיר ביים ים אויפן וואָלקנדל
קוקן פיל גרינגער
און עס קומען אין זינען, נישט ווילנדיק, ווייטע
פאַרגלייכן,
נאָר איך קאָן אויף דער זינדיקער ערד
פון זיי ערגעץ ניט ווייכן...



דער ריס צווישן דעם,
וואָס דו זאָגסט מיר און ברייעסט
און דעם,
וואָס פון מיר מיט אַ בייזקייט פאַרטייעסט,
מאַכט אַ ריס מיר אין האַרצן,
נאָר דו וועסט מיט דריין מיר
מיין וועלט ניט פאַרשוואַרצן.
אַ וועסנע־ווינט
וועט אין זוניקן וואַלד
מיין ווייטיק הײלן לינד.
און גוט, וואָס ס׳ווערט קלאָר מיר —
אויף ווייטער שוין גאָרנישט
באַהעפט אונדז און בינדט...



ס׳איז זייער שווער
צו קריכן אויף קאַראַטשקעס
און מאַכן זיך צום בלאָזן,
ברומען, ברילן...
ווען כ׳קאָן דיר זאָגן:
נאַ דיר דיינע צאַצקעס
און לאָז צורו מיך,
כ׳וויל מיט דיר ניט שפּילן.



אַ היימלאַזער הונט לויפט מיט אימה אין בליק.
זיין פעל זיין צעדאַרטע — אין קאַלטענעס,
קנוילן.
לעם טויער וועט יעטוועדער קונדס און זניק
אַ זעץ טאָן אין אים מיט אַ שטיין
זיך ניט פוילן.
פּאַוואָליע אַנטקעגן דעם הונט כ׳האָב
געשפּאַנט,
די אויגן ביי אים פול מיט פּיין און
הכנעה,
עס פעלט מיר ניט איין גאָר
צו טאָן אים אַ רעה,
נאָר ס׳גליטשט זיך אויס פּלוצעם
מיין שטעקל פון האַנט —
דער הונט בויגט דעם קאָפּ
און דעם עק צו דער נידער
און לויפט אויסן הויט,
אַ צעפודזיעטער ווידער...



אַ, ווי איך וויל,
אנשטאָט דער תמעוואַטער שפּיל —
„איך וועל פאַרמאַכן מיינע אויגן, זוך מיך“
איינגאַנצן שוין פון דיר אַנטרינען.
און ווען עס וועלן זיך אינדעראמתן
מיר עפענען די אויגן,
כ׳זאָל רונד־אַרום דיין דוך ניט געפינען...



קום איך אויף אַ נייעם אָרט צופאָרן,
כ׳גיי אַרומעט ווי אויף הייסע קוילן,
כ׳הייב פאַמעלעך, אַנשטענדיק די זוילן,
סטאַרע זיך, ווי מעגלעך „רישן“ שפּאָרן,
זייער העפלעך גריסן זיך
און נויגן,
גאָט באַהיט, ניט קריכן
אין די אויגן...

פּערעדעלקינאָ, 1968.



אַ יידן אין שטעטל כ׳באַגעגן,
פאַרלאַנגזאַמערט ער זיינע טריט,
נאָר שעמט זיך, אַ פנים, צו פרעגן —
פון וואַנען זשע קומט אָן אַ ייד.
און איך קאָן זיך אויך ניט אַנטשיידן
צו טאָן אַזאַ פשוטע זאַך,
ווי צוגיין און אָנהויבן ריידן
אויף אונדזער געוויינלעכער שפּראַך
און עפּעס אַ מאָדנע גריזאָטע
און בושה דאָס האַרץ מיר פאַרקלעמט.
ס׳צעגייען זיך אונדזערע שאָטנס,
אַזוי נאָענט און אַזוי אָפּגעפרעמדט...

1967, ווייסרוסלאַנד.



אין כרך אין גרויסן
צווישן מיליאָנען אומבאַקענטע
גיי איך אַרום באַרוישט,
מטושטש און אָפּהענטיק.
אין גאַסן, אויף די פּלעצער,
אין די סקווערן,
וואָס מענטשן אָנגעפּיקעוועט,
ווי שטערן
אין הימל, אָפּגעזונדערטע און ווייטע,
און אַזוי נאָנט־פּאַרהאַוועטע, צעשטרייטע.
כ׳טרעט פּאָרזיכטיק
(עס שווינדלט אין די אויגן),
כדי ניט אָנרירן קיין אַקסל, עלנבויגן
און ס׳דאַכט מיר אַלץ,
אַז פּלוצעם כ׳קען פאַרלירן
פון בוזעם־טאַש די נייטיקע פּאַפּירן,
דאָס ביסל מינץ
אויף נאכטלעגער און עסן,
צו זיין אין כרך דאָ
עטלעכע מעת־לעת׳ן . . .

מאָסקווע, 1962.



ניט קלאַפּ,
ניט דריי מיך
און ניט שאַר,
ווי אין דער הרובע
אַ נאַסע פאגעלע...
איך וועל זיך שוין אלצאיינס פאַר דיר
ניט אַרומכאַפּן מיט פלאַם,
ווּעסט פון מיר ניט האָבן
קיין פונק זשאַר...
צו טיף פאַרשטאָכן איז אין מיר
דיין שנאה־סם,
דיין חוזקן פון מיר
און אויסשטעלן דיין חזיר־אויער.
עפן אויף דעם אייזערנעם
פאַרהאַסטן טויער
און לאָז מיך פון די גבולן דיינע גיין
מיט מיין לעבעדיק געביין...

1973 י. מינסק

## כ׳האָב ליב אַצינד...

... פאַרשטופּט אין שאָטנס, פאַריגלט כ׳בין
אין גרויע, נאַקעטע פיר ווענט...
איך פרוּוו די ווייסע וועלט
און בלויען הימל
אַריינעמען פון אויסן,
ווי אויך דאָס טויט־בלייך תּפיסה־בלימל,
וואָס שפּראָצט פון דעם צעמענט
אין הייפל, הינטער מיינע קראַטעס...
איך קוק און טוליע זיך אין מיינע טורמע־שמאַטעס...

---

דערפאַר, כ׳האָב ליב אַצינד אינדרויסן
אַרומצובלאָנקען פון באַגינען
ניט שלינג־און־שלאַנג —
פאַרשכור׳ט און פאַרכלינ׳עט
איך שפּרייז און שוועב אין שיין,
באַרוישט פון יעדער פּערל טוי,
פון יעדער גרינער צווייג
און רייפן פולן זאַנג.

## דיין דריבנעטשקער געלעכטערל...

תיכף דו דערשנאַפּסט,
ווו ס'בלאָזט דער ווינט.
מיר זאָגסט:
„אַצינד,
וואָס ווייניקער דערמאָנען נעמען,
בפרט נאָך, לויבן ווענען;
ס'קאָן דיין גערימטער אָפּטאָן דיר
אַ שפּיצל,
דערלאַנגען מיט אַ מאָל דעם פערד אַ שמיצל —
„פּאַשאָל"
און מאַכן מיט די שבחים דיינע פּליטה.
פיל רויקער איז האָבן גאָר צו טאָן
מיט טויטע,
קאָנסט לויבן זיי אין הימל אַריין —
בקול־רמה"... —
צעלאַכסטו זיך מיט דריבנעטשקן געלעכטערל,
אַזש ס'ווערט מיר קאַלט אויף דער נשמה...

מאָסקווע, 1972.



אוי, די ווידערשפּרוכן!
ס'איז דיר ניט
קיין שטיקל אייער־קוכן,
וואָס צעגייט אין מויל.
וויפל מאָל האָט מיך די צייט
געלאָזן הויל־קאַטויל,
איינגעטיילט מיר פרישע קלעפּ
און, ווי זאַמד האָט זיך דאָס מזל'על
צעשאָטן.
בין איך אָבער אין דער מורעשקע
געראָטן:
פון דאָס ניי איך שלעפּ
מיין שטרוי —
מיין בערוועגע,
ווער אויסגעריסן
און בוי און בוי!



דו לאָז צורו אַ רגע'לע
די טאַצן און דעם פּויק
און זע, ווי ס'שפּילט זיך אויף דער זון
אַן אויסגעצערטע צויג
מיט קאַמיש־קיילעכדיקן זויגנדיקן הינטל.
אַזויפיל צערטלעכקייט פאַרמאָגט אפילו ניט
דאָס פרילינג־ווינטל —
אַ ים מיט מוטערלעכער פרייד!
און דו, נאָר דונערסט
אויף דיין פּויק צעזעצטערהייט...



שיכורימלעך זיינען ביינאַכט
פאַרביי מיינע פענצטער געגאַנגען,
געשריגן, געוויינט און געלאַכט . . .
צעריסענע קלאַנגען און זילבן
אין חלום אין מיינעם פאַרוועבט . . .
... כ׳האָב פול־פולע עמער געשעפּט
און געצויגן
פון ברונעם, דעם קאָפּ אָנגעבויגן ;
זיך פליעסקעט דער זילבער
און טראָפּנס כ׳הער הילכנדיק פאַלן
אין פינצטערן חלל פון ברונעם
צוזאַמען מיט לבנה׳יקע
שטראַלן . . .



איך בייל צונויף אין פויסט מיין כוח,
עקשנות׳דיק מיין מזל בוי איך.
געווען צעשטאָכן און צעלעכערט
מיין מזל איז, שוין קיין געדעכעניש,
געדוכט, פון אים וועט ניט פאַרבלייבן,
נאָר ס׳לויכט אויפסניי די זון אין שייבל,
אַ שטראַל האָט זיך אין שטויב פאַרפּלאָנטערט
און ס׳איז ביי מיר שוין ווידער יום־טוב.
מיין מזל פּוץ איך און איך שייער
און פּורעם עס און שלייף אין פייער,
אין צונטער־רויטע זונען־פלאַמען.
איך קוש פאַר פרייד די ביימער־שטאַמען,
די פרישע קנאָספּן, גרינע בלעטלעך
און ווי אַ קינד מיין מזל גלעט איך.
„ווי אַלט איך בין ?" — מיט שמייכל פרעגסטו ? —
איך צייל דעם צענדליק שוין דעם זעקסטן,
נאָר וואָס איז פון דעריין געדרונגען ? —
איך ענטפער דיר — מיין האַרץ נאָך יונג איז !
איך בייל צונויף אין פויסט מיין כוח.
עקשנות׳דיק מיין מזל בוי איך.



*

דו, מיין קלאָר־ווייסער
זויבערער בויגן פּאַפּיר,
מיט רו פאַר מיין בליק
זיך צעשיין, שימעריר,
ווי דער זוניקער שניי
אין ווייסרוסישן וואַלד,
עס צעפינקלט, צעבלענדט זיך
דער קאַלטער בורשטין...
כ'וועל שוין קיינמאָל ניט, קיין מאָל ניט
קומען אַהין...
צווישן פינגער פּאַרגליווערט
מיין בלייער איך האַלט
און עס פאַלט ניט קיין אות
אויפן ווייסן פּאַפּיר,
אוי, פּאַרוואָס, נאָכן וואַלדישן שניי
בענקט זיך מיר,
מיין קלאָר־ווייסער זויבערער
בויגן פּאַפּיר...

* *
*

יעדן אינדערפרי
מוסר איך זיך
און זאָג, ווי אַ תפילה:
זיי אַ ביסעלע שטילער,
פֿאַרייס ניט די פֿליגלען,
צעקרייע זיך ניט,
ווי אַ הענדעלע,
פֿאַרגעס ניט, גאָט איז מיט דיר,
אַז שלום־עליכם איז דאָ,
און פּרץ איז דאָ,
און ס׳איז דאָ אונדזער ליבער זיידע מענדעלע.

*

איך לעב אַצינד בשכנות מיטן ים,
און כאָטש ער הערט ניט אויף צו זידן
און צו קאָכן,
נאָר כ׳פֿיל נישט אין זיין שום
קיין טראָפּן סם —
אַ גאָלדענער, אַ ווונדערלעכער שכן!



כ׳בין מיט דער הוילער ערד געוועזן
חבר־לאַפּ,
געוואַלגערט זיך אַזויפיל טעג און נעכט אין די
אָקאָפּעס.
דערפאַר, ווען סטאַלין האָט געגעבן מיר צעמענט
צוקאָפּנס,
אפילו ניט געאַרט האָט מיך קיין קאָפּ...
כ׳האָב ניט געגעסן קינדווייז אַפּעלסינען,
כ׳בין אין מיין היימשטאָט אומגעלאָפן באָרוועס.
דערפאַר כ׳בין, אפשר, ניט אַראָפּ פון זינען,
ווען סטאַלין האָט גענומען מיך אויף ערבות...
געטראָגן שטום מיין ביטער־גאַליק פעקל,
דאָס וואַסער אין דער טייגע כ׳האָב ווי
וויין געטרונקען,
דאָס שוואַרצע ברויט געווען איז זיס, ווי לעקעך.
כ׳בין אויסגעשטאַנען אַלץ, ניט איינגעזונקען.
ווען קומען ענדלעך וועט צו מיר די לעצטע רגע
און אין דער קאַלטער ערד אויף אייביק ט׳מען מיך
לייגן,
איז זאָלן אַלע וויסן — מיינע פערזן
געוועזן זיינען דאָס ליכט פון מיינע אויגן.

# קוקו, דערקענסט מיך?



איך טרייסט זיך מיט דער מיט —
כ'האָב קיינעם ניט באַלעסטיקט,
ניט גענאַרט,
ניט צוגעזאָגט הרים וגבעות
אַזויפיל נעכט געווען איז מיין געלעגער האַרט —
אויף נאַסער ערד אין מיין שינעל
זיך צוגעשפּאַרט

אויף אייגן פויסט —

אַזויפיל טעג און נעכט
אויף טויט געשלאָגן זיך
מיט אומענטשן און חיה רעה'עס...
איך טרייסט זיך מיט דער מיט —
עד היום נאָך אין מיר דאָס לעבן ברויזט
און ניט פאַרכאַפּט האָט יאוש מיין געמיט.
איך בין נאָך יינגליש־צאַרט,
מיין האַרץ אויף פרייד

פאַרטייעט וואַרט.

# ערשט נאָך דער מלחמה

כ'ווייס אַליין ניט פאַרוואָס
כ'האָב אַצינד זיך דערמאָנט:
אין טראַנשיי אויפן פראָנט
מיינס אַן אייגענעם את
אויף פאַפיר ניט געוואַגט כ'האָב פאַרשרייבן,
ביז מע וועט זיך אַ פרווו טאָן
פאַנאַנדערצוקלייבן
אין דעריין, וואָס איך טראַכט
און איך מיין,
טאָמער פאַל איך אין שלאַכט,
מיינע לאָפּעטעס קאָטשערעס,
ווער וועט זיי ריכטיק פאַרשטיין ?...
מיינע לידער פאַרקריצן כ'פלעג אין דער נשמה
און כ'האָב אין אַ העפט זיי פאַרשריבן
ערשט נאָך דער מלחמה.



קוקו, דערקענסט מיך? ס׳בין איך דאָך, דיין חבר,
גוטמאָרגן דיר, טייערע ליבע קוקאַווע.
אַ קוק כאַפּ פון צווישן די בלעטער און צווייגן —
איך בין עס, איך, כ׳וועל דיר זיכער ניט לייגן.

און זאָל דיך ניט שרעקן מיין שטעקן, מיין קוליע.
איך האָב אים צום בוים, ווי דו זעסט צוגעטוליעט.
געדענקסט יענעם יוני־באַגינען דעם קלאָרן
געשענקט האָסט מיר דעמלט אַ מטמון מיט יאָרן.

נאָר ס׳זיינען באַפּאַלן מיך שיידים און גרוילן,
פאַרוואַנדלט די יאָרן אין באָמבעס און קוילן.
די ליכטיקע יאָרן פון לידער און ווייַנען
פאַרוואַנדלט זיי האָבן אין בלוט און אין פּיינען,

נאָך אַלע נסיונות און פּיינען און ליידן
דאָך ניט געקענט טימ מיין מוט מיך צעשיידן.
דו בענטש מיך אַצינדער מיט לידער מיט נייע,
האַרציקע מיינע, קוקאַווע געטרייע.

1946, מינסק.



יאָרן מיינע,
ווי סאָלדאַטן פון איין ראָטע ;
כ'שטאָלציר מיט דעם,
וואָס כ'בין איר טרייער קאָמאַנדיר.
ביז היינט מיט מיינע ברידער־יאָרעלעך
איבערן שליאַך,
געפלאָסטערטן מיט שטיינער שפּיציקע כ'מאַרשיר.
ניט לייכט איז מיר,
נאָר כ'האָב ניט קיין חרטה.

## די מינוט די אויסדערוויילטע

פאַרן אָנהויב פון אַטאַקע
די מינוטן לאַנג זיך ציען...
כ'גיב אַ קוק אויף די סאָלדאַטן,
ווי די אויגן ביי זיי גליען.
אָנגעגרייט די אַווטאָמאַטן,
אין טראַנשיי מיר שטייען שטומע...
ס'איז דער גאַנצער האַס צום שונא
אי איין קנויל צונויפגענומען !
ווי דאָס האַרץ ביי יעדן טיאָכקעט
קען מען הערן דייטלעך זייער.
אויפן שוווּנג פון די ראַקעטעס
וואַרט שוין יעדער רויטאַרמייער.
און ווי גרויזאַם איז די שטילקייט
פון די רגע'ס די געציילטע...
דאָך זי קומט מיט פרייד מיט גרויסער,
די מינוט די אויסדערוויילטע.

ס'טוט אַ רעווע די קאַטיושע,
אונדזער אַרטילעריע־פייער!
ווערט שוין אויפן האַרצן היימלעך
און עס עטעמט זיך אָפּ פרייער —
סטייעס קוויטשיקע סנאַריאַדן
פון דעם מעכטיקסטן קאַליבער,
זיילן פלאַמען, פעך און שוועבל
טראָגט זיך איבער אונדז אַריבער...
און די דאָטן און די דזאָטן
און דעם שונא'ס זיבן דראָטן
ווערן גלייך מיט טויט פאַרשאָטן!
לויפן מיר מיט פרייד־געשרייען
צו די דייטשישע טראַנשייען —
קעפּ צעהאַקטע, שטיקלעך וואָפן
און דער וועג איז פאַר אונדז אָפן!

.י 1946

## מיין זכות

ניט געבוירן בין איך
מיט אַ גילדענעם לעפל אין מויל,
נאָר אין בוך פון די מזלדיקע
איז מיין נאָמען פאַרשריבן.
אַז פאַרביי מיינע שלייפן געפייפט האָט
אַ קויל נאָך אַ קויל,
דאָך איז גאַנץ, ווי איר זעט,
אויף די אַקסלען מיין קאָפּ מיר געבליבן.
און גאָר, אפשר, אין הילצערנעם לעפל
געשטעקט האָט דער זכות —
ניט לאָקירט, אַ שטשערבאַטע,

אַזוי ווי מיט סקולעס מיט ברייטע
און ווי קומט עס צו מיר אין די הענט,
כ'האָב אַליין ניט געוווּסט;
... ליגט אין קעשענע פון מיין שינעל
מיט גראַנאַטעס מיט גרייטע
צום שלאַכט. צווישן זיי איז אים היימיש
און וווּיל, ווי אין שטוב...
אין אַ פראָסט, קוים אויף טאָג,
פלעגט עס פלוצעם אַ טאַרקע מיך געבן:
— הערסט דעם ריח געשמאַקן,
די קיך פאַרט... זי איז שוין דערנעבן... —
נאָך אַ רגע און כ'שעפּ מיטן לעפל
דעם זודיקן זופּ...
— — — — — — — — — — —
אַז פאַרביי מיינע שלייפן
געפייפט האָט אַ קויל נאָך אַ קויל,
דאָך איז גאַנץ, ווי איר זעט,
אויף די אַקסלען מיין קאָפּ מיר געבליבן.
ניט געבוירן בין איך
מיט אַ גילדענעם לעפל אין מויל,
נאָר אין בוך פון די מזלדיקע
איז מיין נאָמען פאַרשריבן.



צי טרעפן וועט אין מיר, צי ניט טרעפן אַ קויל,
צי פאַלן וועט אויף מיר, צי ניט פאַלן אַ שפּליטער —
ס'איז אָפּט געווען מיר אויפן האַרצן לוסטיק-ווויל,
כ'האָב ניט געטראַכט פון טויט,
כאָטש ס'איז געווען מיר ביטער.
די טייוול-שפּיל פון ניט און יאָ און יאָ און ניט,
געטריבן האָט פון מיר די אַנגסטן און די פּחדים.
כ'האָב פעסט געהאַלטן זיך
ביים לעבנס-פאָדעם,
כאָטש טויט געשווייבלט האָט אויף טריט און שריט.

★

העי, ברייטער סאָלדאַט אויפן שלאַכט־פעלד
די אויגן צעעפן !
אַ באָמבע אַ זעץ גיט,
די צווייטע, זי וועט שוין אין זעלבער וואַראַנקע *
ניט טרעפן.

דערהערסטו אַ מינע,
זי וויעט און פייפט איבער דיר, ווי אַ וויכער,
דאָס פליט זי פאַרביי,
ניט אָנרירן וועט זי, זיי זיכער !
אוי, שלעכט איז, ווען פלוצעם
דער בליץ מיטן דונער זיך פאָרן...
גיס אויסעט, סאָלדאַט, אויפן שונא
דיין פלאַם און דיין צאָרן.

---

* וואַראַנקע — רוסיש — געמיינט די גרוב, וואָס עס מאַכט די באָמבע, ענלעך אויף אַ לייקע.

## מיט הנאה, ברודער, כ׳קוק...

כ׳האָב ליב צו זען —
מיר ווערט אויף דער נשמה וואַרעם —
מיט וויפל מי און ברען
דו קעמפסט צוערשט זיך אויס
אַ שמאַלינקן פּלאַצדאַרם,
געשטעלט זיך בלויז אויף אים
מיט ביידע פיס —
און טוסט זיך גלייך אַ ריס פאָרויס !
די פעלדער רונד־אַרום דיר ווערן ברייטער,
און מיט הנאה, ברודער, כ׳קוק,
ווי זיגעריש, אין פולן ווּקס,
שפּאַנסט איבער זיי,
אַ מידער און דערפרייטער.

## מיט פאַרביסנקייט

ניט אַיינגיין פּלעגט דאָס ווערטלען זיך
און שלאָגן ביידעקעס,
ווען נאָנט הייבט אָן דער שונא
מינעס שליידערן.
פון זיך אַליין די ציין
זיך פרעסן, שטשעמען,
ניט גרינג איז דאָן זיך
אין די הענט צו נעמען.
און פּרוּוו — דיין האַרץ פאַרשטייף,
עס זאָל ניט ציטערן,
ווען רונד־אַרום אַ וויוגע פייפט
פון שפּליטערן.
נאָר מיט פאַרביסנקייט
מיט האָס און ווילן
דו הערסט ניט אויף
אין שונא צילן.

## אין מיטן טייכעלע כאַראָל

אין אַנהויב קריג אויף אוקראַינע,
אין מיטן טייכעלע כאַראָל...
... איך האָב זיין פּנים ניט געזען
און ניט געהערט זיין קול.
נאָר כ׳פיל עד היום נאָך זיין האַנט,
דעם שטאַרקן צי און שלעפּ.
איך בין צום גרונט געגאַנגען שוין,
אַ דאַנק זיין האַנט איך לעב.
אַרויס פון טייך כ׳בין מיט געווער.
אויפסניי אין שלאַכט, אין קאַן!
מיין רעטער איז געווען ווער? —
דער גאַנצער באַטאַליאָן.



ווען ס׳ווערט מיר אויפן האַרצן שווער
און ס׳לאָזן זיך די הענט ביי מיר אַראָפּ,
אין דמיון כ׳נעם זיך ביי די לאַצן אָן:
— הער,
דיר פּאַלט נאָך ניט דיין הימל אויפן קאָפּ.
דעם גבר משה רבינו איך דערמאָן —
אין שלאַכט צו שעפּן פרישן מוט און כוח,
געהויבן האָט ער ווי די פליגלען,
זיינע אָרעמס אין דער הויך...



ביינאַכט די קינדער שלאָפן שוין, איך שפּיר:
אַ זיסע שטילקייט, ווי אַ קוועלכל פּלעפּלט.
אויף גרינע ווענט די שאָטנס פונעם מעבל
זיך גיבן ניט קיין ריר.
ס'איז יעדע מינדסטע רגע אָנגעזאַפּט
מיט פרייד מיט ברוינזנדיקער, ניט געצוימטער.
נאָר כ'ליג די אויגן אָפן, אַ פאַרטרוימטער
און אין מיין האַרצן שטאַרק דער אומרו
קלאַפּט, —
דער אומרו, וואָס מיין פרייד און רו צעשטערט
און טריפט אַריין מיט גיפט אין יעדער רגע.
און איך דערפיל אויפסניי די חיה־נעגל,
וואָס ווילן אַלץ פאַרגלייכן מיט דער ערד.

## גראָב טיפער דעם אָקאָפּ

איך לערן דיך, מיין זון:
געדענק, אַז דער אָקאָפּ,
אין וועלכן סוועט דיר, אפשר, אויסקומען
בלויז רגע'ס עטלעכע צו שטיין —
עס מעג אפילו זיין דער גרונט פון שטיין
(ווי נעבן טאַגאַנראָג), —
אַלציינס די טיף
פון פולן ווּקס אים גראָב.
ס'איז רעכט, אויב גראָבן וועסטו אים
אַ טאָג גאַנצן,
ווייל דער ראַטונעק איז —
עקשנות און געדולד.

מלחמה, זון, —
דאָס איז ניט קרעפּלעך עסן,
ניט טייגלעך און מאַראַנצן.
אויב ס'וועט די האַרעוואַניע
דיר דערעסן
און מאַכן וועסט דיין אַרבעט כאַפּ־און לאַפּ,
באַקומען קענסטו איינס־און־צוויי
פון פיינט אַ קלאַפּ,
און זיין וועט אינדערייַן דיין שולד,
מיין זון, אינגאַנצן.



מיר דאַכט, אַז יעטוועדער סאָלדאַט
טראָגט פאַרבאַהאַלטן אין זיין האַרץ,
אַן שפּאַס,
זיין ליבע מלכה'לע...
סוף מיי,
אין טויקע
אין דופּטיק־גרינע ריוון, באַלקעלעך,
ביי קוסטעס־וועלדלעך אויף אוקריינע,
קוים ס'רויטלט זיך דער הימל־פּאַס,
עס נעמט אויף טאָג שאַריען
און שוין מיט וויפל אינערלעכן תענוג,
מיט טרעלנדיקן חיות
צעגייט דעם סאָלאָווייס געזאַנג זיך
אין די גלידער.
די באַטערייען נעמען קלאַפּן ווידער
און ס'פּלאַצן מינעס, ס'פּליען קוילן,
נאָר פרווו דעם סאָלאָוויי באַפוילן
זיין יובל־פרייד אין זיך דערשטיקן.
ער הערט ניט אויף צו זינגען מיט מתיקות —
ציף־ציף־ציף — די זומער־זון באַגעגנט!
דער טויט, דער שרויט אויף פעלדער האָגלט, רעגנט.
נאָר צווישן באָמבע־גרילץ און דונער־קנאַלן
אַלץ מעכטיקער זיין ליבע־ליד טוט שאַלן.

# שפּאַלט די קעפּ זיי, בושל!

ניט אדר — אָנהויב תמוז איז
און ביז די פּורים־טעג
אַזויפיל וואַסערן עס וועלן נאָך פאַרלויפן...
נאָר דאָ בשכנות
איבער אַ פּאָר הויפן,
כ'הער דייטלעך דורך מיין פענצטער
אָפּענעם,
ווי אויף זיין נעסט עס קלעקלט, קלאַפּט
דער בושל מיט זיין שנאָבל־קאָלאָקאָדקע:
״מיט המנ'ס איז נאָך פול די וועלט״...
אַ רגע כ'האָב מיין בלייער אָפּגעשטעלט:
דו, ביסט געוויס גערעכט, מיין בושל־ברודער
און רויש נאָך הילכיקער
און גראַגער מיט גערודער,
ס'קאָן גריילעך זיין,
כ'זאָל ווידער דאַרפן אָנטאָן
שיך סאָלדאַטסקע מיט אָבמאָטקעס,
ווייל טאַקע פול די וועלט מיט המנ'ס נאָך,
איז קלאַפּ
און שפּאַלט די קעפּ זיי, בושל,
מיט דיין שנאָבל־קאָלאָקאָדקע...

פּאָליעסיע, ווייסרוסלאַנד.

* *
*

דערפֿאַר האָב איך אייך ליב, דריי שטערנדלעך,
צעשטעלטע ווי אַ סגל:
ביי אייער שיין פֿאַרפּלאַנצט כ'האָב מיינע
שטייפסטע קערנדלעך
באַלייכט איר איצט אויפסניי מיין אויסגעטראָטן
שטעגל.
ווען אַ פעכאָטנער קאָמאַנדיר בין איך געוועזן,
די זעלבע שטערנדלעך די דריי, זיי פלעגן
שיינען.
איר זייט ביז איצט מיין לעבן און מיין וועזן!

* *
*

און וואָס מיט מיר זאָל ניט פּאַסירן
און ווּ מיין גורל זאָל מיט מיר
ניט איינוואַנדערן,
וועל איך פון זיך
ניט אויסטראַכטן קיין אַנדערן,
אפילו אויף קיין האָר
מיין ווירדע ניט פאַרלירן,
מיין דאַשעק מיט קאָקאַרדעס פרעמדע
ניט באַצירן,
דורך אַלע פייערן
און טויט־סכנה'עס
מיך וועלן אויך אויף ווייטער פירן
די שטערנדלעך די דריי
אויף מיינע פעלד־פּאָגאָנעס.



**דאָ ליגט אַ ייד אַ פשוטער...**

**שלום־עליכם.**

מיין זיסער טאַטע־פאָטער,
איך ווייס גאָר ניט
פאַרוואָס גראָד היינט איך טו דאָס —
איך זאָג דיר נאָך מיט דיין נוסח און דיין אָטעם, —
כ'בין אויך אַ ייד אַ פשוטער,
איך וואָלט נאָך צוגעגעבן —
אַ פּראָסטער שלוש־סעודות.
נאָר אַ פאַרשטויבטער, פאַרפאַראָשעטער
פון וויוגע־וויכערן און שלאַכטן ביטערע,
אַ ייד ניט פון די ציטעריקע,
וואָס גייען צוויי פאַר אַ דרייער —
אין שלאַכט פאַר בויבעריק, פאַר ראַדאָמישל
געפירט אַ באַטאַליאָן אין פייער!
(פון דער דרייהונדערט אַכט און צוואַנציקסטער
דיוויזיע)

אַצינד אין מיין רשות
מיין האָב און גוטס —
מיין דמיון און מיין וויזיע!
נאָר, אמת, כ'קריך ניט
אין די הויכע דרכים
און פלי ניט אין די ווייטע ספערן...
און אויב מיר גיט זיך איינעט אין דער וואָכן
אַ כאַפּ צו טאָן פון ווייטן הימל־שליאַך
דאָ, אונטן שטייענדיק, אַ שיינעם בלויען שטערן,
איז דאָס בלויז מיינס אַ מזל־זאַך.
און ווי אַן עופל כ'שפּיל זיך, כ'קוויק זיך
מיט דער פינקלענדיקער, חינקענדיקער
שטערן־שיין.
און קיין שום שטאָל־גיסער,

און קיין שום פלאָקן־שיסער
וועט מיר דאָ ניט מקנא זיין.
מיין זיסער טאַטע־פאָטער,
איך ווייס גאָר ניט
פאַרוואָס גראָד היינט איך טו דאָס —
איך זאָג דיר נאָך מיט דיין נוסח
און דיין אָטעם —
כ׳בין אויך אַ ייד אַ פשוטער,
איך וואָלט נאָך צוגעגעבן —
אַ פראָסטער שלוש־סעודות.



**פאַר חיים באַביטש**

עס קלאַפּט מיין האַרץ, זאָל אַלצדינג זיין כשורה.
אויב קומען ווידער וועט די ביטערע מינוט,
דו שענק מיר, גורל מיינער, קראַפט און גבורה
באַשיצן ביזן סוף דאָס ביסל אייגן בלוט.
כ׳וואָלט אין טראַנשיי דאָס לעצטע מאָל זיך שטעלן,
די פיינט באַגעגנט רואיק, שטילערהייט
און אָן הורא־געשרייען, אָן באַפעלן
געשלאָגן זיך אויף לעבן און אויף טויט!

## צי דען זשע?

ביז ביין ברענט דער פאַרדראָס —
אַ שוואַרצע גרויסע קראָ
פאַרשטעלט די זון און שרייט:
— איך דראָ, איך דראָ, איך דראָ...
און ס׳דאַכט, ס׳איז גאַרניט שווער
איר אָפּהאַקן די פליגל.
דאָס עופל שלאָפן זיס
זאָל אין גערוימען וויגל,
זיין מוטער זאָל אויף אים
מיט טיפער שמחה קוקן.
— — — — — — — — —
צי דען זשע ועט אַ קראָ
די שיינע ערד פאַרצוקן..



אָ, וויפל מאָל שוין,
אחר המעשה,
באַווייזטו מיר ווידער,
וויאַזוי דער וואָלף האָט צעריסן,
צעגלידערט
דאָס ציגעלע דאָס ווייסע.
און שטופסט מיר צו מיינע
צערויטלטע אויגן,
ווי אַ בייז־ווונדער
פון מיין ליב ציגעלע
יעדן צעשניטענעם אבר באַזונדער.
וואָלסט, ברודער,
מיר בעסער היינט פאַרגעשטעלט
דאָס ציגעלע אין אַ טיגער־פעל
מיט ליכטיקע גרויזאַמע שטרייפן,
ס׳זאָל איבער מיין לייב פון איר גבורה
נעמען מורעשקעס לויפן...

## און כ׳בין ווידער אין קאָן

עס אַרט מיך ניט, גלויב
כ׳זאָל נאָך צען מאָל אַרויס
פון פלאַם אָן אַ העמד,
איך ווער גאָרנישט ניט אָן —
מיין האַרץ מיט זיך אַלצדינג, פאַרנעמט
און כ׳בין ווידער אין קאָן.



אפילו ווען דער שליאַך איז פאַר מיר ריין און גלאַט,
איך שטעל אין זינען אויף אַ פעסטונג נאָך אַ
פעסטונג.
איך זאָל זיי קענען גובר זיין אין מיין פאַרמעסטונג.
אויב ניט וואָלט דאָך מיין וועג קיין ווערדע
ניט געהאַט.



אַ גאַנצן טאָג כ׳וויל אָנכאַפּן ביים עק די ליד,
וואָס אָנגעשריבן כ׳האָב ביינאַכט אין חלום —
דער קריג האָט זיך געטראָפן מיטן שלום —
נאָר כ׳קאָן עס בשום אופן ניט...

**מינסק, 1968.**

## ניין, ניט אַזוי

„וואָס אויף דער לונג, גלייך אויף דער צונג" —
ניין, ניט אַזוי,
צעקאָכט ניט לאָז אַרויס דאָס וואָרט
פון מויל.

דו טו ווי דער סאָלדאַט —
אין ביקסן־שלאָס איז שוין די קויל,
ער האָט שוין דעם קוראָק אַרויפגעדרייט
און גרייט
ער האַלט דעם פינגער אויפן צינגל,
נאָר זשמורעט נאָך דאָס אויג,
צו טרעפן פונקט אין ציל,
אַזוי אויך מיטן וואָרט,
ס'איז ניט קיין קינדער־שפּיל
און ביסט שוין ניט קיין יינגל...

## וועלכע ווערטער

## רירן שטיינער

I

# מיין ביטערער חלום

איך זאָג מיין מאַמען: נעם דאָס קינד, פאַרוויג עס.
זי רוימט מיר שטיל: „מיין ליבער זון, הריגות..."
דערזע איך אויפן דיל אַ מויז אין זאַק.
דער זאַק נעמט עקלהאַפט זיך קנייטשן, כוואַליען...
אין טיר אַנטקעגן שטייט דער תלין...
די פייקע אין זיין מויל —
אַ דינע האַק...
ביי סטאַלינגראַד...
... אַ פינקל וואָלגע גיט, אַ רייפער קאַוון
צעשפאָלטן ליגט אינמיטן פערעפראַווע *
און ס'שווינדלען ווייסע שטרייפעלעך — מאַטראַסן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

איך כאַפ זיך אויף פון שלאָף
מיט שווייס באַגאָסן...

---

* פערעפראַווע — רוסיש — אַ מיליטערישער פאָנטאָן־בריק איבערן טייך.

יז

דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין זיבן־יאָריקן זון
נפתלי, אומגעקומען אין מינסקער געטאָ.

ווען מען כ'פרעג ניט,
זאָגט מיר קיינער,
וועלכע ווערטער
רירן שטיינער...

ס'טרעפט, אַליין אין שטוב —
כ'פאַרטראַכט זיך:
ס'האָט מיין קינד
אַרויסגעבראַכט זיי...

קאַלט מיר ווערן
די געבליטן,
ווי מע וואָלט
מיין לייב געשניטן.

וואָלט אַן עדות
וווּ געבליבן,
וואָס האָט זיי געהערט,
פאַרשריבן...

סיידן, ביי די שטיינער
פרעגן,
נעבן ביינער־טאָל,
אַנטקעגן...

שוין־זשע וועט
ניט וויסן קיינער,
וועלכע ווערטער
רירן שטיינער ...

זון מיינער, נו, ווער אַנטשלאָפן,
זונעלע, אַנטשלאָפן ווער;
ס'איז אַ בער אַריינגעלאָפן, —
הערסטן, — אָט־אָ טופּעט ער.

וויל עס גאָר מיין זון ניט הערן
און ער קערט זיך אויס צו מיר:
— ניין, דאָס זיינען ניט קיין בערן —
ס'שטייט די מאַמע הינטער טיר.

זאָג איך אים, ס'איז ניט די מאַמע,
זון מיינער, נו, שטילער זיי! —
אַיי, דער בער וועט שוין מסתמא,
מיר ניט העלפן סייוויסיי.

ס'לאָזט זיך גאָר מיין זון ניט נאַרן
ניט מיט לייבן, ניט מיט וועלף
און עס טוט אים גאָר ניט אַרן,
וואָס דער זייגער שלאָגט שוין צוועלף.

זון מיינער, נו, ווער אַנטשלאָפן!
זונעלע, אַנטשלאָפן ווער.
ס'איז אַהער אַריינגעלאָפן...
אַז איך ווייס אַליין ניט ווער.

ניט קיין העלפאַנד, ניט קיין טיגער,
קיין שום חיה העלפט מיר ניט,
און עס גענעצט דער פאַרוויגער
אין דער נאַכט אין סאַמע מיט.

ביז עס קריגט מיין זון רחמנות,
מאַכט אַליין דערצו אַ סוף,
ער דרייט אויס צום וואַנט דאָס פּנים:
— טאַטע, גיי אַוועק, איך שלאָף.

כ'הויב זיך אויף אויף די שפּיץ פינגער
און איך דעק אים בעסער איין,
און מיין ווייב זאָגט: — אוי, אַ יינגל,
נאָר געזונט זאָל עס מיר זיין.

1938 י. מינסק.

יז

איך ווייס ניט, וואָס טוט מען —
דער קאָפּ טוט מיר וויי.
זאָגט מיר דער זון מיינער:
— גיב אים אַ דריי,

גיב אים אַ קער
אַהין און אַ הער —
וועט ער שוין דעמלט
ניט וויי טאָן דיר מער.

איך האָב אים, מיין זון,
אי געדרייט, אי געקערט,
נאָר גרויס איז דער ווייטעק,
אַלץ ערגער עס ווערט.

זאָגט ער: — וואָס דאַרפסטו
אַזאַ מין־אַ קאָפּ,
נעם אים און וואַרף אים
אינגאַנצן אַראָפּ.

און קויף פאַר אַ קאָפּקע
אַ קאָפּ אויפן מאַרק,
וועט ער ניט וויי טאָן
און האַלטן זיך שטאַרק.

אַ דאַנק דיר, מיין לעבן,
אַ דאַנק דיר, מיין זון,
איך האָב גאָר ביז איצט
ניט געוווּסט פון דער פון.

מסתּם, ווו מע שטייט
מיט די לײמענע טעפּ,
מוז מען אויך האַנדלען
מיט לײמענע קעפּ.

1938 י. מינסק

V

איך קאָן שעהענווייז קוקן,
ווי דער ווינט ביי דעם ים־ברעג
צעוויקלט
און וועלגערט פאַרנאַנדער
די בלאַנקע און רוישיקע כוואַליעס
אַלץ דינער און דינער,
ביז אויפן זאַמד זיי ווערן אינגאַנצן שוין גלאַט.
אָט אַזוי פלעגט מיין מאַמע
פאַרטאָן, מיט אירע האַסטיקע הענט
וועלגערן אויפן טיש די לאָקשן־בלאַט...

VI

געדענק איך, די מאַמע פלעגט נעמען
די שוועסטערקע מיינע אויף זיך,
זי טראָגן אַזוי ווי אַ שעפּעלע „בראַנציק״
און צוטאַנצן, צוטופּען פריילעך דערביי:
— זאָלסט לעבן, מיין טאָכטערקע,
הונדערט און צוואַנציק
און מיט אַ סך קינדערלעך ווערן געלעגן.
ס'איז, טאָכטער, דער שענסטער פאַרמעגן.

VII

מיין מאַמע האָט מיך געלערנט
אַלץ צו פאַרטשעפּען מיט אַ זיכער־נאָדל,
האָב איך אָבער ניט וואָס צו פאַרזיכערן.
עס האָבן בלויז געבראַכט מיר וויי און שאָדן
אַלע גרויסע שטורעם־וויכערן...

VIII

ווען כ'טרעף אין גאַס, אָדער אין מאַרק
אַ פרוי אַן אַלטיטשקע,
וואָס מיר דערמאָנט מיין מוטער,
מיר ווילט זיך צו איר צוגיין אומדערוואַרט:
— אוי, מאַמע, גיב אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער...
זי וואָלט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אירע
גרויע אויגן:
— ווו ביסטו עס אַ טאָג אַרומגעפלויגן —
עס חלשׁ'ט דיר, מיין זון, דאָס האַרץ,
מסתּמא. —
— — — — — — — — — — — — — — — —
ווי זיס עס קלינגט דער קול פון יעדער מאַמע.

IX

נעמען אויף מיר גרייפן
זאָרג און דאגה׳עס
גרימענישן אַלערליי,
רוק איך אָן מיין היטל
אויפן שטערן שטייפער
און ווהין די אויגן טראָגן
כ׳גיי.
אין מיין האַרץ
איך זוך מיין מאַמעס אויף
אַ פרישן שפור:
״לאָזט עס, קינדער, אַלץ
מיט דער נאַטור...״

X

אוי, לאַנג שוין, אַז אַלצדינג
זיך דאָפּלט און צווייפאַכט
ביי מיר אין די אויגן —
אַרויפגעפלויגן, ז׳דער האָן אויפן פּלויט,
געגעבן אַ פּאַטש מיט די פליגל,
דעם האַלדז אויסגעשטרעקט
און קרייט און קרייט אָן אַ סוף,
אַ בליץ קעגן זון גיט זיין גאָלדענער עק...
גלייכצייטיק דערזע איך —
עס עפנט מיין ווייבל די פּערטקע,
דאָס קערט זי זיך אום פונעם שוחט,
צונויפגעדרייט ליגט אינעם קויש
דאָס געקוילעטע עוף,
פאַרברודיקט, אין בלוט אויסגעשמירט
די גאָלדענע פעדערן
וואָס האָבן אין הויף אויפן פּלויט
פאַר מיין בליק שימערירט.

XI

## נאַקעטע זילבן און טראַפּן

„איך קאָן מיר אַליין מיין שטעטל באַשטיין" —
ווי טרויעריק, נידערגעפאַלן עס קלינגט איצט
דאָס גאַוודיק פּשטל...
במילא, ניטאָ זיך מיט וועמען צו שאַפן...
און אויף וואָס וועסטו קוקן און גאַפן ?...
פון יידישן שטעטל —
קיין סליאַד ניט, קיין שטיין און קיין ביין,
ביז שטשענט זיין יסוד איז צעשטויבט
און צעשאָטן...
פון לעבנס־בוך אויסגעפליקט האָט דער רוצח
מיט פלייש און בלוט —
בלעטל נאָך בלעטל,
מיט ברודיקע שטיוול אין קויט איינגעטראָטן...
און אַליין, וואָס קאָנסטו אַצינד שוין באַשטיין ? —
אָן שטעטל אָן ליבן
איז מעגלעך דען יידישע שיינקייט צו שאַפן —
געבליבן
בלויז נאַקעטע זילבן און טראַפּן,
ווי טונקעלע שאָטנס
אין סומנעם יעלאָוון פאַרנאַכטיקן וואַלד,
ווען אומברחמנותדיק גרויליקע אימה
באַפאַלט...

XII

ביים סוף, מיט אויפגעבליצטן מיינעם
אויגן־שטראַל,
באַשיינען כ׳וועל אין זיך
מיין מאַמעס מאַמע־לשון קוואַל
און נידערן,
מיט ציטעריקע ליפּן אָנרירן
דעם לויטער־ריינעם ראַנד
און ווי דערפילן וואָלט איך
מיט מיין ריח־חוש —
איך קוש מיין מאַמעס האַנט,
וואָס אפשר, ווען געווען בין איך
אַן עופל־קינד,
האָב איך עס יאָ געטאָן,
ווי כ׳טו אַצינד,
ביים סוף, מיט אויפגעבליצטן מיינעם
אויגן־שטראַל,
באַשיין אין זיך
מיין מאַמעס מאַמע־לשון קוואַל.

# אַ שאַל מיט קוועקזילבער

## די קינדער וואַרטן...

איך בין אַרויסגעגאַנגען פון אוויר *)
די וויזע קיין ישראל איז שוין ביי מיר.
איך האַמעווע מיין אומרו און מיין פרייד —
„זיי רואיקער, גיי פאַרזיכטיקערהייט..."
און גראַד אויף יענעם אָרט איז אַ געדרענג
פון מענטשן און מאַשינעס — וואַך און שטרענג
איך קוק זיך אויף די זייטן אום, זיך היט.
נאָוועמבער... גליטשיק איז... איך צייל
די טריט.
אַנטקעגן — בריקן צוויי. דאָ רוישט די שטאָט.
כ'באַמערק אין מיטן גאַס אַ טויב זיך האָט
אין פלי אַ שטויס געטאָן אין אַ מאַשין
און הינקט מבולבל, שפּרינגט אַהער־אַהין,
פאַראורטיילט שוין... די אויטאָס יאָגן דורך...
פון אונטער ראָד אַ פלעק... אַ פיצל פוך...
זיך רעדערט פאַר די אויגן, גרינט און בלויט...
כ'קוק אויפן ליכט־סיגנאַל: בלייב שטיין,
ס'איז רויט!...
אין קעשענע די וויזע כ'טו אַ ריר,
די קינדער מיינע וואַרטן אין ישראל אויף מיר...
איך האַמעווע מיין אומרו און מיין פרייד:
„זיי רואיקער, גיי פאַרזיכטיקערהייט!..."

נאָוועמבער 1974, מינסק

---

*) אוויר — דער פיין־אַנשטאַלט אין רוסלאַנד, וווּ מען באַקומט די אַרויספאַר־וויזע.

## טבריה

פון די הויכע בערג, וווּ עס שפּרייט זיך דער
שכון ״ד״,
זעט כּנרת אויס אין תּמוז — רחבֿהסדיקער
שפּיגלדיקער, שענער.
און טבריה אין טיפֿן טאָל
ביים ברעג פון ים,
ווערט איינגעשרומפּן, קלענער —
מיט אַלע אירע מויערן און חורבֿהס אַלע.
דאָ, אין דער הייך, די פֿאַלדן פון די בערג
זיך וואַרפן איבער לייכט מיט העל־געשטרייפּטע
ריזן־שאָטנס.
און אונטן טבריה, איך פיל עס,
פּעלט אויס אָטעם,
די אבֿרים אויפגעפּרעסט, זיך רייסט די
קליינע שטאָט
פאַרצווייפלט
צום ברייטן וואַסער־פּלאַך צום פרייען.
פון דאַנען, דאַכט זיך מיר, אָט־אָט
שפּרינגט אַריין טבריה אין כּנרת
די נשמה צו אָטכייען.

## מיין טאָכטער שמייכלט אין דער שטיל...

איך קוק, מיין אייניקל, מיין סאברעלע,
ער שלאָפט איינגעאַנצן אָן אַ קישן...
כ'בין אויך דאָך יונגערהייט, אין די רעדאַקציעס
געשלאָפן אויף די האַרטע טישן...
אין דער מלחמה־צייט אין די טראנשייען —
אויף ערד אויף זומפיקער
און אויף די קאַלטע שנייען.
און שפעטער אין די סטאַלינישע קאזעמאַטן,
אויף צעמענט
און אויף די סוקעוואַטע נאַרעס.
נאָר תמיד כ'פלעג זיך סטאַרען —
מיין פויסט אונטערצושפאַרן,
ווייל קאָן מען דען אָן אַ צוקאָפּנס ליגן !...
און דאָ, איך זע, מיין אייניקל, מיין סאברעלע
האַלט צעגעפלעטשט דאָס אויערל צו דעם מאַטראַץ
און פּאָפּט מיט פאַרגעניגן...
עס ציט אַזוי מיך צוצוגיין צו אים
און מיין פוכאָווע קישעלע פּאַוואָלינקע
אים אונטערזוקן...
מיין טאָכטער שמייכלט אין דער שטיל :
— אַזוי זיינען די קינדער דאָ געוווינט
און דו געוווין זיך צו אויף דעם צו קוקן.

# די צפתער ליקן

שפּרייטסטו אויס אויף רעכטס און לינקס
די הענט,
ריִרסטו אָן פון ביידע זייטן גאַס
די ווענט.
אָ, ווי צפתער ליקן
זיינען ענג און שמאָל
און די טרעפּ און טרעפּלעך —
אָן אַ צאָל.
צווישן חורבות און רואינען,
אומגעריכט,
ווי אַ יונגער ספּריטנער שווים
אַ מויערל אַ נייער קריכט.
וואָס געשעפטן, בענק, האָטעלן,
קוקט נאָר אָן,
יעדע שטוב און שטיבל —
אַ מלון.
קיין עין־הרע, עופעלעך אין די פּאַרפּוצטע
קינדער־וועגעלעך,

ווי פּירשטן אַקוראַט —
האָט איר אייך מיין ערשטן אויגנבליק
אויף צפת.

## די צפּתער לופט מאַכט קלוג...

די אַלטע תושבים צפתער,
ווענענס טאַטע־מאַמע, זיידע־באָבע
זיינען דאָ געבאָרן,
באַהויפּטן, אַז די צפתער לופט
די זויבער־קלאָרע,
מאַכט קלוג. —
גלויבט ! — דאָס איז ניט סתם אַ זאָג
פון ניט־געשטויגן ניט־געפלויגן —
איך זאַפּ מיט דער גאַנצער ברוסט אַריין
אַן אָטעם־צוג נאָך אַן אָטעם־צוג
און פיל מיט יעדן טאָג —
אַלץ ליכטיקער מיר ווערט אין מיינע אויגן
און ווער זשע ווייס עס ניט, אַז שיין איז שכל !

## אפילו מיט ראשי־תבות

די צפתער, זיי זיינען פּאַרקאַכטע בעל־צדקה׳עס
און טראַכטן, ווי טאָן אייך אַ טובה
און מאדימס אויף ווינטשעניש,
אפילו מיט ראשי־תבות :
אַ ייד אַן אַכציקער
מאַכט צו מיר
ביים אַוועקגיין :
— הגפּן ! —
און שמייכלט, צי טרעף איך ?
דאָס גינט ער מיר :
ה — הצלחה,
ג — געזונט,
פּ — פּרנסה,
נ — נחת פון קינדער —
הגפּן !



איך וואָלט אין צפת
געקענט דאָ לעבן גליקלעך,
אַ מעשה אַבער מיט די טרעפּלעך
און די בריקלעך —
אַרויף — אַראָפּ,
אַרויף — אַראָפּ,
ס'פּאַרדרייט אינגאַנצן זיך
דער קאָפּ.



לאָמירביידע זיך ניט חכמענען,
ניט ווערטלען
און דעם שיינעם צפתער עפּל
ניט צעשניידן
ניט צעפערטלען.
זאָל ער אויפן טעלער
בלייבן רואיק ליגן.
מירן שווייגן,
קוקן שטיל אויף אים
מיט פאַרגעניגן...

* *
*

איך האָב דאָ פּאַר ווערמען
אין פּייער און וואַסער צו גיין,
כ'האָב אַ טאָכטער און זון
און אייניקלעך — סאַברעלעך דריי
און ס'איז ווויל,
וואָס זיי קענען שוין אַלע אַליין
זייער שטעטל באַשטיין.
און פּאַרן געזונט פון די לידער מיינע
איך זאָרג זיך אַ סך
און גראָד, ווייל דער נחת פון זיי
איז ניט גרויס,
טאָג ווי נאַכט
איך האָלובע זיי,
גיי פּאַר זיי אויס.

צפת 1978 י.

I

## אויג אויף אויג מיט דער כנרת

די לעצטע תמוז־טעג זיך קעכלט די כנרת,
שפּיגלט זיך אַנטקעגן זונען־גלי,
איר מינדסטע כוואַליעלע איז אויסגעצערטלט,
אויסגעגלעט
און אויסגעשליפן
כ'בין ניט געקומען ברוינען און פּליושקען, וואַשן זיך
אין מינעראַלע וואַסערן
און ניט מיט די קונדסים נעבן ברעג צו שפּאַסן, שטיפן,
כ'וויל אויך ניט נעמען זיך אַ לייוועטנעם שטול,
כדי מיט עמעצן אין שאָטן דאַטשקעווען, פאַרברענגען,
און ניט ווייל כ'שאַנעווע מיין קליינגעלט —
כ'וויל פּשוט זיין מיט דער כנרת אויג אויף אויג
און ניט דערביי מיט אַלעמען,
ניט איבער דעם, כ'זאָל פּילן זיך, חלילה, ניט מיט
אַלעמען —

ניין,
עס זיינען מיינע חושים,
ברוך השם, בסדר,
איך הער און זע און שפּיר
און קען קאָלירן אונטערשיידן —
נאָר כ'וויל אַנטקעגן דער אין זיך פּאַרחלומטער,
אין זיך פאַרטייעטער כנרת
שטיין אָן פּאַרמיטלער, עדות,
לחלוטין אייינקער אַליין,
עס זאָלן די מחשבות מיינע,
וואָס איך שעפּטשע אויס,
איבערן אויסטערלישן שטילן וואַסער נעמען שפּרייזן גרויס,
אין אָן אַ שיעור
אַלץ ברייטער, ווייטער שוועבנדיקע קרייזן.

II

דאָ אינעם זונען־גלי,
כ'בין בלויז מיט איינס באַוואָרנט:
די וואָלקנס בוטאָפּאָרישע,
וואָס הענגען, כלומרשט, אָנגעהויפּנט,
אָנגעגאָרנט
אויף די כנרת־בערג,
ביים הימל־ראַנד,
זיי זיינען אומבאַהאָלפן, ניט אין שטאַנד
פון מיינעטוועגן
אַ טריף טאָן אויף מיין קאָפּ
אַ חיות־טראָפּן
פון אַ זון־רעגן.

III

די כנרת־פישלעך
פעלט ניט אַפּעטיט,
טוט אַ וואָרף אַ פּיטע,
תיכף ווערט זי ניט.
מענגעסווייז די פישלעך
קלייבן זיך צונויף
און אַרום דער פּיטע
ווימלען נעמט אַ רייף.
ממש ווי סאָראָקעס
פליען פישלעך אָן,
מע צעצופּט די פּיטע,
ווי נאָר ווער עס קאָן:
שפּרינגען אַזש פון וואַסער,
שטופּן זיך פאָרויס,
אָט איז שוין די פּיטע,
ווי אַ ברעקל גרויס,
אויך אין לעצטן פּיצל
מיט געדראַנג מע צילט.
אַך, זיינען די פישלעך
פון כנרת ווילד.

IV

איך האָב עס פון כנרת
נישט דערוואַרט,
געוועזן צו מיר צוגעלאָזן, :צאַרט.
אויף וווּנדערלעכן בלויען
וואַסער־גלאַט,
אַ שעה נאָך שעה איך קוק
און ווער נישט זאַט.

און מיט אַ מאָל
אַ בלענדט זי טוט מיט שיין:
— דו קוקסט און קוקסט,
וואָס האָב איך פון דריין ...

און וויל נישט הערן גאָר,
וואָס טענהן כ׳וועל,
איר לץ, דער ווינט
זיך יאַוועט פון דער העל,
מיין הוט אַ כאַפּ געגעבן
נישט פון קאָפּ —
(איך טרוי עס אים נישט אָן) —
פון דער האַנט — און אָפּ,
שוין הוידעט אין כנרת זיך מיין הוט...
און מענטשן קייכן — כ׳נעם עס אָן פאַר גוט.

און דאָך... כנרת,
כ׳האָב עס נישט דערוואַרט,
געוועזן צו מיר צוגעלאָזן,
צאַרט...



גלייכגילטיק כ׳קאָן אָט די טייטל־פּאַלמע נישט
פאַרבייגיין,
ווידער זיך דערנעבן אָפּגעשטעלט;
צווישן אירע שטיקלעך שטאַרצנדיקע צווייגן,
ווי פון דער נאַטור אַליין צעהאַקט, צעקרעלט,
אין די גרינע שפּינוועבס־מאָכן, אויבן
האָבן זיך פאַרשטעקט די ווילדע טויבן,
טראָגן זיך פון דאָרטן אָן אַן אויפהער
נאָיענדיקע קרעכצן, ווייען פיינלעכע —
אַלע מאַטערנישן ביטערנישן פון דער וועלט...

# אין וועג

אין וועג צווישן צפת־מטולה,
אַ חמימה׳סדיקער תמוז־טאָג געווען,
כ׳דערזע אין וואַלד דאָרט ברענט,
אַ שרפה זיך צעהוליעט.
ביים וועלדל־ראַנד אַ דינער יונגער קיפּאַריס,
זיין גאַנצער שטאַם
ביז סאַמע קרוין
אַרומגעכאַפּט מיט פלאַם ;
ווי אין אַ דורכזיכטיקער רויטער העמד
אַ נאַקעט מיידל שטייט פאַרקלעמט.
איך קוק געפּלעפט,
ווען כ׳קאָן מיט גוואַלד
זי ראַטעווען פון פייער־וואַלד...



אין צפת —
מיר עטעמט זיך פריי
און געראָם,
אַזוי ווי דעם בלאַט
אויפן רוישיקן בוים.
און ברוך־השם —
אַלץ כשורה
און גלאַט
און ס׳צערטלט דאָס ווינטל
סיי מיך,
סיי דעם בלאַט.
מיר באָדן זיך ביידע
אין בלענדיקער שיין,

קומט אָוונט,
מיר טרינקען פון שקיעה
דעם וויין
און קוקן, ווי ס׳נעמען זיך
טונקלען די בערג
און טרוימען און שאַפן
געמיינזאַם אַ ווערק...

## אין געסל בר יוחאי

ווי נאָר איך שטעל אַריין מיין פוס
אין געסל בר יוחאי,
דערזע איך באַלד דאָס שילדל ״דפוס״ —
די צפתער דרוקעריי.

די איינציקע דאָ, אויף אַפּסעט
און איך ווער שוין געפּלעפּט —
אין דמיון כ׳צערטל און איך גלעט
מיין ניי־געדרוקטע העפט.

זאָל זיין אַ בענטשערל אַ דינס,
אַ לוח׳עלס פאָרמאַט,
דערשינען דאָ, אַזאַ געפינס,
אין דורותדיקן צפת־

ווו יידיש מיט עברית, איך פיל,
ז׳געבונדן און געקניפּט,
ווו כ׳גיי אַרום אין געסלעך שטיל,
אין יעדן שטיין פאַרליבט.

ווי יעדער, וואָס אַנטקעגן שפּאַנט
איז האַרציק, אייגן־נאָענט,
גלייך כ׳וואָלט אַ לעבן נאָכאַנאַנד
געוועז מיט אים באַקאַנט.

און ווען מיין בליק נאָך דאָ דערזעט
די ווערטער — דפוס, אָפּסעט,
ווערט תיכף צפת, דער אַלטער צפת,
דער ליבסטער פון די שטעט!

## ככר המגינים

פאַרענדיקט זיך דאָס געסל
בר יוחאי,
קום איך אַרויף אויף דעם ״ככר המגינים״ —
דער פּלאַץ פון די באַשיצער,
אַ פּיצל קיילעכדיקער פּלאַץ,
די גרויס פון אַ סאַלאָן
און ווי אַ טיי־טאַץ זעט עס אויס.
אין סאַמע מיט — צוויי ברייטע בענק,
איינס אַנטקעגן אַנדערן, ווי אין אַ גערטנדל,
ס׳פירן צו זיי צוויי שטעגעלעך
און נעבן די בענק — קינדער־וועגעלעך
מיט עופהלעך
און ביי יעדן וועגעלע זיך האַלטן שטייענדיק אָן
אַ צוויי־דריי קינדערלעך,
שוין עטוואָס גרעסערע.
און די שוין גרויסינקע,
זיי לויפן, שפּרינגען, ליאַרעמען
אויף דעם ״ככר המגינים״

און יונגע מאַמעס מיט די מאַנען זייערע
די יונגע חסידים,
טייל פון די, וואָס זיצן אויף די בענק
אין גערטנדל
און טייל פון די, וואָס לויפן נאָך די גרויסינקע
צו האַמעווען און גיבן עפּעס אין די מיילעכלעך,
זיך טענהן אויס מיט זיי מיט ליבשאַפט
טאַטע־מאַמישער
אויף מאַמע־לשון יידיש.
און צו די ברעקלעך קינדער אין די וועגעלעך
מיט די זויג־פלעשעלעך אין די הענטלעך,
זיך ווענדן מאַמעס און שמועסן זיך דורך מיט זיי
אויף אַ באַטעמטן שיינעם יידיש;
פונקט ווי די מאַמע מיינע מיט מיר
מיט אַ פינף־און־זעכציק יאָר צוריק...
שטיי איך אויפן "ככר המגינים"
צווישן די צפת'ער חורבות,
אין די ערשטע תמוז־טעג, תשל"ח,
אָנגעשפּאַרט אויף מיין קוליע־שטעקן
און טרערן שטיקן מיך...

## מאָדנע...

מאָדנע,
ווען אין צפת זיך דרייט אַ ייד אַרומעט
אָן אַ היטל,
ווערט עס עפּעס פּריקרע,
פאַלט אויף אים אַן אומחן,
קוקט מען שוין מיט ביטול —
אַ כל־בו,
וואָס אין דער קאָרט,
צפת איז נישט פאַר אים
קיין אָרט...

# אין טאָג אַריין

אינדערפרי!
נאָך איידער
עמיצנס ליפּן באַווייזן
אַרויסברענגען מיר —
מה נשמע   מה שלומך?
צעלאַך איך זיך
הויך אויפן קול:
— כאַ — כאַ — כאַ! —
און שיס־אויס מיטאַמאָל:
— בסדר!
תהיה בריא!
שלום רב!
לבריאות!
להתראות!
טו אַ פּאַך מיט מיין אַלטן מינסקער הוט
און בראַוו
אַ שטעל גיב מיין טראַט
אין טאָג אַריין!



איך בין אַזוי פאַרטאַראַראַמט,
פאַרהאַוועט און צעפלויגן,
אַז כ׳שטיי ביים ברעג
פון העל־צעשפּילטן
פלאַי־פלאַימדיקן ים
און זע אים נישט פאַר מיינע אויגן...

# די ישראל־רגע

אָ, די ישראל־רגע,
זי איז ביי מיר טייער,
אין לשער!
אויף אַלע כבישן *)
אויף אַלע וועגן
הערט איר מיין קול:
רגע! רגע! רק רגע!
דער נהג **)
שוין קען מיך
מיט מיין נוסח — "רגע, רגע" —
לאַכט ער פון מיר געשמאַק.
און ווו נאָר איך ווייז זיך
און אויף וואָס נאָר כ'באַדאַרף,
שריי איך צום אַלעם ערשטן שאַרף:
רגע, רגע!...
זי דינט מיר געטריי,
ווי דעם בלינדן זיין שטעקן,
מיט איר כ'וועל אפילו
דעם מלאך־המות דערשרעקן,
אין פּרצוף אַ ברום טאָן אים —
רעגע! רעגע!
און פּרוּוון אַנטרינען
פון דער שוואַרצער פגע...
אָ, די ישראל־רגע,
זי איז ביי מיר טייער,
אין לשער!

---

*) כבישים — עברית: וועגן, שאָסייען.

**) נהג — עברית: אויטאָבוס־שאָפער.



דו, פאַרגעדענק,
ס'גייט קיינער נישט מיט ליידיקן...
נעם, אויף טשיקאַוועס,
טו אַ פרעג אָט דעם,
וווּהין ער גייט? —
וועט ער דיר ענטפערן:
— איך דאַרף עפּעס דערליידיקן...
און פרעג אַ צווייטן:
פון וואַנען גייט ער —
וועט ער דיר זיכער זאָגן:
— איך האָב עפּעס דערליידיקט...
און פאָרש ביי קיינעם נישט
און קיינעם זיי נישט בודק —
וואָס און ווען? און ווו?
ס'האָט יעדערער זיין אומרו
און זיין רו,
זיין "פּינקס" גענג,
עסקים און מאַרשרוטן,
פון גורל אָנבאַלאַנגט,
צום שלעכטן
און צום גוטן...

מגדיאל.

## שמעון־עליע...

כ'בין זיך שוין אַליין דערעסן,
ווען איך גיי פון שטוב אַרויס,
מוז איך תמיד וואָס פאַרגעסן,
ווי פון זיך אַליין אַ שטויס
טוט אין זינען און איך שלעפּ
זיך צוריק אויף אַלע טרעפּ.
שוין געגומען, כ'האָב די זאַך,
פון מיין הויז איין טראָט איך מאַך,

טוט אַ זעץ אין מוח־טירל:
„און דאָס נייטיקע פּאַפּירל?"
פון דאָס ניי די טרעפּלעך צייל איך,
פּרווו באַרואיקן זיך: מילא...
דאָס פּאַפּיר איז שוין ביי מיר —
"זע, קאָרש, תכשיט, נישט פּאַרליר", —
אין מיין טייסטער טיפער כ'שטופּ עס
און מיט מזל שוין איך טופּע.
ווידער טוט אַ זעץ אין קאָפּ:
"צוגעשלאָסן?" — כ'שטעל מיך אָפּ, —
ס'דוכט, די שטוב גלעאָזן אָפן...
ס'וויל נישט אַנדערש גאָט מיך שטראָפן...
"צוגעשלאָסן? יאָ צי ניין?".
מוז איך דאָך אַ קוק טאָן גיין.
שלעפּ איך זיך צעדרייט צוריק —
שמעון־עליע מיט דער ציג...

מגדיאל.



אין גאַס דורך אַ פענצטער אַ צעפּראַלטן
די נייס פון טראַנזיסטער דערהער איך:
צוויי ווערטער ווי רעדער ווי שווערע...
"משטרה חוקרת"...*)
ס'האָט ווער שוין אַ נאָנטן פאַרלוירן...
עס לויערן געפאַרן,
די הערצער בויערן,
פאַרקלעמט דעם געמיט —
חבלה,**) דינאמיט...

---

*) משטרה חוקרת — עברית: די פּאָליציי פאָרשט.
**) חבלה — עברית: טעראָר־אַקט.

# אַן איידל, אָנשטענדיק מייזעלע...

קינדווייז, האָט נישט איין מאָל
זיך געשאָקלט און געשאָקלט
און אַרויסגעפאַלן ביי מיר אַ מילך־ציינדל,
געדענק איך, אַז מיין באָבע פלעגט פון דעם מאַכן
אַ שפּיל־חנדל:
איך פלעג זיך ביים גרויסן אויוון אַנידערשטעלן
און מיט פאַרגעניגן
אויסרופן מיט דער באָבעס אַ ניגון:
— מייזעלע, מייזעלע,
נאַ דיר מיין ביינערן ציינדעלע
און גיב מיר דיין אייזערנעם...
און טאַטע־מאַמע און די באָבע
פלעגן שמייכלען און קוועלן.
נאָר שפּעטער,
האָב איך עס שוין ביי דעם מייזעלע
נישט געבעטן...
אָבער אַן איידל, אָנשטענדיק מייזעלע
מיט אַן אייזערנעם זכרון,
דורכגעפלויגן אַזויפיל יאָרן,
נישט געוואָלט אַפּנים,
איך זאָל אים דערמאָנען
און מאָנען —
אַליין
פאַרביטן אַלע מיינע ביינערנע
אויף אייזערנע ציין...

אור יהודה.

## מיין לעבן...

מיין לעבן — אַ ביטערע יאַגעדע,
אַ צוטשעפּעניש,
עסט זיך אין מיר איין ווי אַ קליפּה
און תמיד ווי די כוואַליע ביים ברעג
מיט אַ ווייסן שוימיקן סם אויף די ליפּן,
נאָר איך רייס עס פון זיך ווי אַ שרץ ניט אָפּ
און צערטל עס און גלעט עס ווי אַ מכה
און היט עס, ווי די אויגן אין קאָפּ...

## באַשטעל איך שיינע פּאָליצעס...

אַ דאַנק דעם אייבערשטן,
כ'בין אויס עולה חדש,
שוין אַלץ איבערגעקומען —
די ערשטע טעג קוראַזש,
דערנאָך דאָס אומלויפן
פון דעם מלון צו דער סוכנות,
דאָס קאַלטע לונג־און־לעבער —
סבלנות...
און דאָך, איך האָב שוין אַלץ דאָס נייטיקסטע,
אַוודאי גוט,
געבליבן מער נישט פּאָליצעס באַשטעלן
פאַר מיין ליטעראַטור דער יידישער
(דאָס אַנגעווייטיקסטע),
נאָר ק'ווענקל זיך און בין מיט זיך נישט זיכער —
ניט אייביק האַוועט מען...
און ווער וועט נאָכדעם וועלן
אַריינקוקן אין מיינע ביכער
און סתם, באַדאַרפן זיי ?...

— ?און, אפשר ניט אַזוי
— ,אַ טראַכט איך גיב צעקלעמט
,בטחון, פאָרט ביי זיך
,ניט אין דער פרעמד
...זיך קען נאָך איבערדרייען
— ,און זאָלן זיך די ליבע ביכער פרייען
...!באַשטעל איך שיינע פּאָליצעס

## אַ שאָל מיט קוועקזילבער

מיט אונדזער בלויען אגד־אויטאָבוס
,אַ דריי איך גיב מיר
ווי מע זאָגט עס, אויף איין פוס
— און אַיין־און־אויס אין פיר פון מיינע שטעט
יהוד
און לוד
,און רמלה
תל־אביב
,און כ׳דאַרף קיין מיקראָסקאָפּ ניט
,קיין שפּאַקטיוו
מיין בליק דערזעט
אויף די געזיכטער
טונקעלע און ליכטיקע
,אַ מינדסטע שפּרענקעלע און בראָדעווקע
אין קאָך פונעם המון דערקאָן איך שוין
,אין יעטוועדן פּאַרשוין
״ווער ס׳איז די ״סמעטענע
״און ווער — די ״סראָוועטקע
נאָר ליבער איז פון אַלץ
,די יונגקייט
,שפּרודלדיקע בליציקייט
,דער גליענדיקער אָטעם פון ישראל
פונקט ווי אַ שאָל מיט קוועקזילבער

צעשיט זיך מיט אַ מאָל
אויף אָן אַ שיר פרישצאַפּלדיקע,
שיינענדיקע זילבער־קייקעלעך —
אברהמעלעך און איציקלעך,
שושנהלעך און חיהקעלעך.

## ווען אַ קוקאַווקע בין איך...

עך, ווען אַ קוקאַווקע בין איך,
געפלויגן וואָלט איך יעדן זומער־אָוונט
צום בית־אבות,
צום שטילן ווינקעלע אין סאָד,
דאָס פענצטער אָפן איז,
דאָרט לעבט אַן אַלטיטשקע,
אַ טרייע לעזערין,
פון די געציילטע
ממש דאָס מאַמע־לשון היילט זי...
כ׳וואָלט צווישן צווייגן שווייגנדיקע
זיך באַהאַלטן
און די געלייטערטע און קלאַנגענפולע
קוקו־ווונטשן
פון סאַמע טיף נשמה פייגלשער
איינס נאָכן אַנדערן אין לופטן לאָזן שוועבן
צו איר, אין חדר איינזאַמען:
קו־קו, דערמונטערט זיי!
קו־קו, געזונט, גענעזן זאָלסטו ווערן,
קו־קו, אַ שאָק מיט יאָרן לעבן!
קו־קו, מיט דיר, מיין טרייע לעזערין,
מיין אַלטיטשקע,
געבונדן און געקניפּט
מיין טרייסט,
מיין האָפענונג,
מיין שטרעבן...
אָ, ווען אַ קוקאַווקע בין איך...

אור יהודה.

## אין נאַכט־הימל נתניה׳ער

עס שוועבט די נאַכט...
קיין אויג נאָך כ׳האָב נישט צוגעמאַכט...
אין פענצטער אָפענעם מיט די גאַרדינען
פלאַטערט אום דער יולי־ווינט;
זיי בלאָזן אָן זיך — פונקט ווי מעוברת׳ע.
די מויערן־האָטעלן אין לבנה־שיין,
מיר ווייזן אויס ווי קעסטלעך שוועבלעך,
כאָטש גיב אין זיי אַ שוועבעלע אַ ריב...
ביי מיר אין מוח רודערט זיך,
מחשבות קרייזן אום ווי קראָען...
אַצינד, אין אָט די נאַכט־שעהן
שווימט מיין זון אויף "דיימאָנד"*)
אין אָקעאַן אַטלאַנטישן...
צי אַלץ קשורה איז?... —
קיין ברעקל וואָלקנדל אין נאַכט־הימל נתניה׳ער,
קיין פיצל בליץ,
קיין דונער נישט אויף אַ רפואה...

*) דיימאָנד — אַ פראַכט־שיף פונעם ציווילן ישראל־פלאָט.

## ווו איז מיין געליבטער...

איז דען ניט דער ים־ברעג ביי נתניה
אַ צויבער־מעשהלע? —
פון קילן שאָטן וואַלדישן
די דריטע וואָך
איך רייס ניט אָפּ מיין בליק און גאף
אויף די באזונטע, די בורשטין שניי־ווייסע
כוואליעס;
זיי קאָכן, זידן...
און פלוצעם ברענגט מיין דמיון מיר —
מזרח־סיביר,
"טיישעטלאג",*)

דעם פינצטערן באַראַק
פאַר אַלטע לייט און אינוואַלידן
(מיט די דרייגאָרנדיקע נאַרעס)
און דעם זעקא [2] שאַקאַראַוו
פון די בוכאַרער יידן...
... ווען אויסגיין נעמט אַן אַרעסטאַנט,
מיט דער נשמה פאַכט,
הויבט דאַן שאַקאַראַוו
ווי צום הימל אויף זיין האַנט
רמזימדיק:
— "אוזשע קיפיט" [3]
עס מיינט אויף מאַמע־לשון —
יציאת נשמה...
זי קאָכט שוין, זידט, זי איז שוין פאַרטיק...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס לויפן קינדערלעך פאַרביי
מיט פילדעריי:
"אַרטיק"! "אַרטיק"! [4]
מיט שאָקאָלאַד...
אַ דאַנק זיי, די קונדסימלעך,
זיי שלאָגן מיינע גאָר ניט היימלעכע
געדאַנקען איבער
— שאַט!
אגב, דערמאָן איך מיר דאָס לידעלע
דאָס טריבע,
וואָס איר געדענקט געוויס,
עס הויבט זיך אָן אַזוי:
"אוי, ליאָק איז געזאַלצן,
מאַראָזשענע איז זיס.
ווו איז מיין געליבטער?..."

---

[1]) טיישעטלאג — איינער פון די גרויזאַמסטע סטאַלין־לאַגערן.
[2]) זעקא — ראשי־תיבות אויף רוסיש — באַטייט איינגעשלאָסענע, (פאַרשפאַרטע אַרעסטאַנטן).
[3]) „אוזשע קיפיט" — רוסיש: עס קאָכט שוין.
[4]) אַרטיק — אַ פירמע פון אייז־קרעם אין ישראל.

# אין מיטן העלן טאָג

״יאָרן, יאָרן מיינע — געשטרייפּטע רייפן״.
1936 יאָר — פון מיין בוך ״אָן אַ שאָטן״.

אין וועלדל,
ביים שיינעם ברעג פון ים
אין מיטן העלן טאָג,
ווידער
אויף די וויעס מיינע
אַ דרימעלע נידערט...
און אין חלום שוין איך פיל
זיך שפּילט מיט מיר דאָס ים־ווינטל ביים ראַנד
און עפנט מיר פּאַוואָלינקע די דלאָניע פון מיין האַנט
און נאַרט ביי מיר אַרויס מיין פּאַק מיט יאָרן —
די געשטרייפּטע רייפן...
זע איך.... אויף די באַזונטע כוואַליעס
פינקלען זיי און קייקלען זיך און לויפן...
בין איך יונג, יונג געוואָרן
און גופא אין מיין חלום
איך וועק זיך אויפעט מיט אַ שפּרונג:
אוי, קאָפּ, מיין קאָפּ,
שיר נישט פאַרשפּעטיקט כ׳האָב
מיין זון אָפּצונעמען פון קינדער־גאָרטן,
ער וואַרט שוין אויף מיר דאָרטן.
אָט לויפט ער מיר אַליין אַנטקעגן,
אין זיין הענטל האַלט ער דעם שליסל פון שטוב.
איך כאַפּ מיין זון אויף די הענט,
קוש אים, האַלדז אים —
מיין פאַרמעגן...
טוט ער אויף מיר אַ קוק שולדיק
מיט שטילע טריבע אויגן:
— איך בין דאָך ערשט געשטאַנען
מיט דער מאַמען אין גרוב...

ווו ביסטו אַוועקגעפלויגן ?...

— — — — — — — — — —

אין וועלדל,
ביים שיינעם ברעג פון ים,
אין מיטן העלן טאָג,
ווידער
אויף די ווייעס מיינע
אַ דרימעלע נידערט...

## אונדזער רעטער...

איך פעקע־מעקע
פון העט־העט
און ניט געוווּסט — די טשערנאָוויצער
אויסגעקאַכט אַזוי מיט יעקיש...
כ'האָב צוויי באַיאַרטע שוועסטער דאָ געטראָפן —
פון טשערנאָוויץ זיי שטאַמען.
קלערט אויף די עלטערע מיר, סאָפי:
— מיר האָבן מיטן פאָטער דייטש גערעדט
און תמיד יידיש מיט דער מאַמען.
פרעג איך זי:
און ווי פלעגט אייך די מאַמע רופן
היימיש און פאַרצויגן? —
און האַרציק זיך צעבליצן סאָפיס אויגן:
— גאָר פשוט, סאָסיעלע,
נאָך אונדזער מומע סאָסיע אַ נאָמען...
דערוועג איך זיך אַ ווענדט טאָן
צו דער יינגערער, צו פריצין:
און אייך האָט אייער מוטער
אויך גערופן ניט אַזוי, מסתמא?...
לאַכט זי: פריידע־רייזל, —
און גיט צו ערנסט:

— מיר האָבן דאָך געלעבט אונטערן איינפלוס
פון פראַנץ־יאָזעף דעם קייזער
און ריידן צווישן זיך עד היום יעקיש
און לעזן דייטשע ביכער, בלעטער...
און איך טראַכט —
אוי, דורכגעפרעסן און צעטאָטשעט ביסט
מיין פאָלק
פון פרעמדע שפּראַכן,
פרעמדע געטער
און בלויז דער אייבערשטער איז אונדזער
רעטער...



כ׳שטרעק אויס מיין קאָפּ
צום ווינט פון ים
און פריש אַזוי זיך אָטעמט אָפּ
געראַם.
אוי, ווילער ווינט, דו פלאַטער,
הודע מיך אַרום
צוזאַמען מיטן ווייכן כוואַליע־רעש און ברום.
מיין יעדן אָדערל כ׳פּאַרטרוי:
צו שיינקייט שטרעב!...
צום האָריזאָנט אַ בלאָנדזשע טוט מיין בליק,
דעם ים און הימל הילט פון וואַסערבלוי
אַ גרינג געוועב,
אַ קוים באַמערקטער זילבער־נעפּל —
און ווען אין אָוונט כ׳גיי פון ים צוריק,
אין קאָפּ אַ זיסער הודעריי־געררויש.
איך שפּאַס: דו האָסט דיין קאָפּ פּאַרטוישט,
ניט אַנדערש, אויף אַ מויער־קעפּל...

# אַ תמוז־אָוונט

אַ תמוז־אָוונט...
עס איז די זון אין ים פאַרזונקען שוין,
די שקיעה־וואָלקנס ווערן אויסגעבלייכט
און זעען אויס, ווי ערגעץ ווייטע שריפהס...
ס'ווערט טונקעלער און טונקעלער —
די פינצטערניש צום ברעג פון ים דערגרייכט.
און ביים לאַמטערן־שיין כ'דערזע באַשיימפערלעך
די כוואַליעס לויפן, לויפן...
איך קוק און גאַף,
ווי שטרענג ס'איז אָפּגעהיט דער אינטערוואַל,
די שטרעקע צווישן כוואַליע־וואַל און
כוואַליע־וואַל!
מיט אַלע חושים איך דערפיל דעם צויבער
פון באַשאַף.
די כוואַליע יאָגט ניט אָן אין איר געלאָף
קיין אַנדערע. אומצוטריטלעך עס איז די
אָפּגעזונדערטקייט,
די געטלעכע יחידישקייט די וווּנדערלעכע...
איך שטיי ביים ברעג פון ים באַרוישט, געפּלעפט,
מיט שטילער נאַכט און מיט דער וועלט באַהעפט...



דאָס באַזילבערט פּיצל קאַפּעלע
אויף דיין געקרויזטן שוואַרצן קאָפּ מיט האָר,
דערמאָנט מיר אַן אָסינע־בלעטל
אָסיען־צייט,
וואָס זיך פאַרפּלאָנטערט האָט אויף די יעלאָווע
צווייגן
אין ווייסרוסישן געדיכטן באָר...



די וואַנצעלעך געפּערלעכע,
זיי זעען אויס פּונקט ווי אַ פּאַדקעווע...
אַרום דער אייבערליפּ און געמבע.
אַ קוש אַ הייסן, ווען זיי שטעמפּלען אָפּ,
נעמט פייער שפּריצן.
די מוידן זיך פאַרדרייט דער קאָפּ
און שלענגלען זיך ווי בליצן.

## דער יונגער ים־ווינט

אַוועק דער תמוז־טאָג...
ס'האָט שוין די פלאַמענדיקע שקיעה־זון
געזונט און פריש און קיילעכיק
איר שטאַרב־ספּעקטאַקל אָפּגעשפּילט —
אין ים פאַרזונקען...
ביים ברעג ווערט טונקעלער און טונקעלער...
און ים און הימל, אַזוי ווי שוועסטער צוויי געאָרעמט
אין שאַל־געוועבן איינגעהילט
פאַרשווינדן אין דער קילער זומער־נאַכט...
קיין שאָטן ניט געבליבן פון די טאָג־קאָלירן,
ס'האָט אַלץ די חשכות איינגעשלונגען...
בלויז דער באַהעמע־פּיאַניסט דער יונגער
ים־ווינט
איז וואַך,
וואָס האָט ער צו פאַרלירן...
ביי לאָמפּן־שיין לעם ברעג
איבער די שניי־ווייסע קלאַווישן פון כוואַליעלעך
(ווי בלאָנקענדיקע נעגער־ציין)
מיט נאָגנדיקער שטילער בענקשאַפט־חן,
ער הערט ניט אויף, דער יונגער ווינט, צו מוזיצירן...

# אין טרייסט, איין נס...

פאַר איטשע גאָלדבערג

ניט דאָס בשמים־ביקסל,
ניט דער ידיד דער אַלטער שבת־גוי,
און טרייע שבת־שיקסל
און ניט די טראַסקענדיקע המן־גראַגערס,
דער פסחדיקער לאַנגער פאַמעלע־שטעקן,
דער ל״ג־בעומר־גענעראַל מיטן פייל־און בויגן,
און ניט די שבועותדיקע קנישעס מילכיקע,
וואָס יעדערע פון זיי איז גרעסער פון אַ
האַנט־גראַנאַטע — אַ ״לימאָנקע״
און־אויך ניט דער, אַ בליאַסק אויף טאָג,
צו סליחות גיין, די זינד צו אָפטרייסלען
אין רוסישן אין פרעמדן אָסיען־טייך...
און ניט דאָס גרויזאַם דוכענען יום־כיפור
מיט שלאַבעריקן האַרצן,
אויסגעבלייכטע ליפּן,
דאָס אַלץ ניט העלפן וועט,
ווייל פריר, צי שפּעטער,
זיי וועלן אין אַ נאָווינע, די רוצחים,
תיכף־גלייך,
ווי דאַן, אונדז נעמען שניידן, מימתן, דערדושען
און פאַרברענען,
צעווייען איבער פּוסטע פעלדער־וועלדער
אונדזער אַש,
ניט העלפן וועט דער חי־וקים שרייען,
דער ״טאַטע־פאָטער אלהינו נאַש״...

איין טרייסט, איין נס:
אויף לייבלעכער אויף ערד קדמונישער
איז אונדז באַשערט דערלעבן —
די בליץ־האַסטיקע און גאָטס־געבענטשטע
כפירעלעך־בינעלעך,
די טאַנקען טויזנטער מיט שטאָלענע מיט
העלפאַנד־שנאָבלען מעכטיקע
און די געוואַגטע זין און טעכטער אונדזערע
באַוואַכן אונדז, באַשיצן
טאָג און נאַכט
און יעדעס רגעלע,
מיר זאָלן רואיק, שלווהדיק
אין אונדזער שיינער ליכטיקער ישראל־סוכה זיצן,
זיך ווילטיקן
און שמחת־תורה מיט די רייניקייטן
צוזאַמען מיט די אייניקלעך און אוראייניקלעך
אויף די הענט,
צו מזרח־זייט געווענדט,
אַרויס מיט טענץ און מיט געזאַנג
אין קאַראַהאָד,
ביי יעדן חדווה־טראָט,
פון טיפן האַרצן אויסצורופן אויפן קול:
— אַ מזל־ברכה און געזונט
אין יעדן דיינעם זעמדעלע, ישראל!

1978, אור יהודה.

## דעצעמבער

דורכויסיקע וואָלקנס און רעגנס —
דעצעמבער.
און טרערן פֿאַרגיסן די שויבן.
נאָר קלאַנגפֿול, קאָליריק מיין שטימונג,
מיין טעמבער.
אַלץ פֿריילעכער פֿויקן אין האַרצן די טראָפּנס ;
— אוי, גשם, אוי, גשם, הייסט גלויבן.
אוי, דונערן־בליצן, הייסט האָפֿן.
פֿאַר ליבשאַפֿט מיין האַרץ איז אויך אָפֿן
דעצעמבער !

## זונטיק פֿרי

זונטיק פֿרי, אין אויטאָבוס־געזשום,
אויף תחנה מרכזית — אומעטום
אַרום מיר, דעם אַלטן סאָלדאַט מיט דער קוליע —
מיינע וווּקסיקע, ליכטיקע זין — חילים
מיט ביקס, אַווטאָמאַט אין דער האַנט.
אין דמיון איך קוש זיי און רים,
גיי זיכער,
מיין לעבן — פֿולבלוטיק־געשפּאַנט
און מיין קוליע, איך פֿיל,
איז שטאָלץ, פֿאַניבראַט,
מיט יעטווידער ביקס, אַווטאָמאַט.

1976, מגדיאל.

# אַנטקעגן זון־רעגן

א

דער פּילאָט שליסט אויס דעם מאָטאָר.
מיין אָטעם ווערט שטילער, דינער.
דאָס מיידל, וואָס איז אַלט זיבעצן יאָר,
קריכט פון דער קאַבינע.

גאַפט דאָס גאַנצע אַעראָדראָם־פעלד,
גאַפט און באַוווּנדערט:
דאָס מיידל האָט זיך אויפן פליגל אַרויפגעשטעלט
און זיך אָפּגעזונדערט.

בלאַנקט אויף מיין פרייד, ווי אַ שווערד,
וואָס טוט זיך אַ ריס פונעם שיידל,
צווישן הימל און ערד —
דאָס מיידל!

ווי אַ דונער קייקלט זיך אין מיינע שלייפן
דאָס בלוט:
— טייערע, גיכער!
צענעם שוין דעם פּאַראַשוט,
וועסטו זיין זיכער.

נאָר אַן עקשנטע, זי האָט צייט,
זי וועט אים נאָך פאַנאַנדערלאָזן...
— מיידל, טייערע, דו ביסט דאָך שוין ניט ווייט,
דו זעסט שוין מענטשן, גראָזן.

איך האָב מיינע הענט פאַנאַנדערגעשפּרייט,
איך וויל זי כאַפּן...
נאָר פּלוצעם פאַר פרייד
נעם איך פליעסקען, קלאַפּן;

דער שירעם־פּאַראַשוט איבער איר,
ווי אַ ליכטיק בלימל
און זי שוועבט און שוועבט צו מיר,
ווי אַ מלאך פון הימל.

1935 י. מינסק

ב

כ׳קוק אויף דיר פון פענצטער,
באמונה־לי
און אין דמיון שוועב איך
אַרום דיר און פלי.
ווי אַ ווינט אַ פרישער,
ווייסט גאָר ניט פון דעם,
דיינע בלאָנדע קרויזן
צערטל איך און קעם.
צום געטאָקטן אויער
כ׳בויג זיך אָן און רוים...
און דיין אויערינגל
כ׳גיב אַ קוש ביים זוים.
כ׳טרעט ניט אָפּ פון פענצטער,
באמונה־לי.
ווי דיין מלאך־היטער
אַרום דיר איך פלי...

ג

פאַר מיין סאָניען

אַן אויסנאַם ביסט.
בלייבסט רואיק, ווען אומפּאַרזיכטיק
איך ברענג אַרויף דיך אויף אַ דאָרן
און כ׳דאַרף זיך ניט פאַרקריצן אין
זכרון

די טובה׳עס, וואָס דו טוסט פאַר מיר
טאָג איין — טאָג אויס.
ס׳איז ווויל מיט דיר,

פונקט ווי מיר וואָלטן
זאַלבעצווייט אַרויס
אַנטקעגן פרישן שפּילעוודיקן זונען־רעגן —
עס שיטן זיך די דימענט־פּערעלעך
פון דיינעטוועגן
און פון מיינעטוועגן.

ד

איך בין קיין טראָפן ניט מגזם —
ס׳איז ווייניק זאָגן דיר אַ דאַנק.
האָסט מיר געבראַכט אַזאַ געשאַנק! —
פון בערג באַוועלדערטע קאַווקאַזער
מיר פאַזעמקעס ביים ים דערלאַנגט.

די דינע שטענגלעך אויסגעגראָבן
צוזאַמען מיט די וואָרצלען האָסט.
כ׳האָב זיי אַריינגעשטעלט אין גלאָז.
מע דאַרף אין האַרצן גאָט ניט האָבן,
אין מויל די יאַגדעס נעמען פראָסט.

די בלעטעלעך אין וואַסער פרישן
געקומען צו זיך זײַנען באַלד,
און ס'האָט מיט ווײַסרוסישן וואַלד
אַ שמעק געטאָן, מיט כוואָיע זיסער,
ווי יעדער פּאַזימקעלע שטראַלט.

איך בין קיין טראָפּן ניט מגזם —
ס'איז ווייניק זאָגן דיר אַ דאַנק.
האָסט מיר געבראַכט אַזאַ געשאַנק! —
פון בערג באַוואַלדערטע קאַווקאַזער
מיר פּאַזעמקעס ביים ים דערלאַנגט.

ה

אַ גאַנצן טאָג איך וויש און פּוץ
די שליסעלעך די צוויי.
פון אַלדאָס בײַז פּאַר מיר אַ שוץ
אַ גרויסע זײַנען זיי.
פון מינדסטן שטויב און זשאַווער־פלעק
די שליסעלעך כ'פּאַרהיט.
צו זיי מיט גלויבן און מיט שרעק
מײַן בליק איז צוגעשמידט.
מיט איינעם כ'עפן ציטריק־צאַרט
אַ פּאַלאַצל — ניט שטוין, —
דאָס פּאַלאַצל — דאָס גאָלדן האַרץ
דער פּרויס, וואָס איז מײַן קרוין.
דאָס צווייטע שליסעלע... בעסוד
כ'וועל דיר באַווייזן שטיל
די טיר צום ווירבל־קאַראַהאָד,
צום תהום פון ווערטער־שפּיל.
דערפאַר אַ גאַנצן טאָג איך פּוץ
די שליסעלעך די צוויי.
פון אַלדאָס בײַז פּאַר מיר אַ שוץ
אַ גרויסע זײַנען זיי.

1965

ו

אַ שישקע איז געפֿאַלן אויף מיין שטערן,
נו, דאַרף איך אויף דער סאָסנע ברוגז ווערן?
אַזעלכעס קאָן ניט קומען אויפֿן זינען.
געגאַנגען דורכן וואַלד בין איך באַגינען,
פֿאַרקוקט זיך אויף דער סאָסנע אויף דער
שלאַנקער —
איר שטאַם, ווי מעש געשייערטער טוט בלאַנקען.
ווי שיין זי איז און גלייכער פֿון אַ סטרונע,
אין קרוין צו איר אַריין די גאַנצע זון איז.
ס'טראָגט דורך זיך אַ געדאַנקל — אַ קאַנאַליע:
„ס'געפֿעלט מיר שטאַרק איר שטאַלטנעקייט,
די טאַליע"...
האָט מיטאַמאָל אַזאַ מין זאַך געטראָפֿן:
אַ ווינט אַ ראַשיקער איז אָנגעלאָפֿן,
אַ וויג געטאָן די סאָסנע, זי, משמעות,
אַ שליידער גיט די שישקע על־פּי טעות.
די שישקע איז געפֿאַלן אויף מיין שטערן.
נו, דאַרף איך אויף דער סאָסנע ברוגז ווערן?

ז

מיין דושעניו, מיין חיה־רעה,
מיר טוט הנאה
אין וואַלד צו טרעפֿן זיך
מיט דיינע אויגן־בליצן.
עס פֿאַלט מיר גאָר ניט איין
זיך צו באַשיצן.
דו גרייפֿסט מיך אָן
מיט דיינע פֿינגער־קניפּן.
דו שטעמעסט איין זיך
מיט די פֿולע ליפּן,
מיט ציינדלעך־ביסן,

מיט אָטעם זיסן,
צעמישט מיט דופט מיט פּעכיקן
פון הויכע סאָסנעס.
ס׳פאַרדרייט זיך מיר מיין קאָפּ,
ס׳ווערט מלאָסנע.
פאַרצוק מיך דאַן
מיט דיינע אויגן בלאָע,
מיין דושעניו,
מיין חיה־רעה...

ח

איר לייכטער טראָט,
די יונגע און געטאָקטע קני,
דאָס פאַסיקל, וואָס מאַכט איר טאַליע דין,
פון הינטער וויעס־פאַרהענגלעך —
שוואַרצאַפּל־גלי, —
דערמאָנען מיר מיין ייחוסדיקן מין
און זאָגן מיר מיט שפּאַס:
דיין ריפּ...
דערפאַר האָסטו עס אַזוי זשעדנע ליב.

ט

אויסגעבאָדן, אויסגעצוואָגן דער וואַלד איז
נאָך אַ גוס־רעגן.
פּלוצעם אַ ווייַז גיט די זון זיך
און פּאַר איין־און־איינציקער רגע
צינדט אָן אויף די גראָזן און בוימער
אָן אַ שיעור טראָפּנס בריליאַנטן.
מע וואָלט מיט זיי קאָנען באַצירן
די שענסטע פּרויען,
באַזוימען די טייערסטע שטאָפן,
גערוואַנטן.
ווען ס'הענגט אָפּ פון מיר,
איז עפן איך באַלד
דעם רייכסטן יוּוועליר־מאַגאַזין
אין פּיטש־נאַסן, צעפינקלטן וואַלד...

י

אַנשטאָט פאַרשייטער
ליבע־שבועה,
וואָלט איך פון הימל
וואָס זיך לייטערט,
דעם שיינעם רעגן־בויגן
נעמען פאַר אַ דוהע
און ביידע שפּיצן
פאַרקרעמפּעווען צו די האָלאָבליעס
פון דער בריטשקע,
אין וועלכער כ'וואָלט מיין פערדל שפּאַנען
און שנעלער פאָרן דיר אַנטקעגן,
ניט ווייט פון דאַנען,
אויסצוקושן דיינע אויגן,
נאָכן פרישן זונען־רעגן.

יא

## דיין חלום:

— עפן איך פון שלאָף די אויגן,
ביסט צו מיר אַראָפּגעפלויגן
און דערלאַנגסט מיר אַ מתנה
אויף אַ טאַץ די ווייסע לבנה
אַ באַשמאַטענע מיט קימל.
הייב איך אויף מיין קאָפּ צום הימל,
שווימט אַ לבנה דאָרט אַ צווייטע,
ניט קיין ווייסע, נאָר אַ רויטע...
וויל איך וועגן דעם דיר זאָגן,
... פירסטו היי אַ פולן וואָגן
דורכן וואַלד, דורך גרינער כוואַיע,
אינעם סטויג וואָס בלימלעך בלויע,
הייעלעך די באַק מיר שטעכן,
כאַפּ איך אויף זיך... נו,

באַרעכן,

האָסט זיך ווידער ניט געגאָלט...

— — — — — — — — — —

שלאָף, מיין לעבן,
שלאָף, מיין גאָלד...

יב

## טרייסאַפט

אָט ווי דו קוקסט מיך אָן,
צעשיטן זאָלסט אַ זעקל מאָן,
געהאָרכזאַם כ'וואָלט
צוזאַמענקלייבן
מאָנדעלע צו מאָנדעלע,
אַבי דיר טריי צו בלייבן.

יג

## באַרג אַרויפצו

באַרג אַרויפצו,
ווען אויף דער פור, מיין גינציקע, דו זיצסט,
איז ניט נאָר וואָס ביים וואָגן כ'גיי צופוס —
מיט אַלע קרעפטן כ'שטופּ אים מיט מיין ברוסט.
עס דונערט און עס בליצט
און פליוכען הערט ניט אויף דער רעגן.
איך בין זיך וואַרפן גרייט פונדיינעטוועגן,
אין שפּאַן אַריין צוזאַמען מיטן פערד.
עס גליטשט זיך אויס פון אונטער טריט די ערד,
אינגאַנצן איינגעשפּריצט אין בלאָטע,
צו דער האַלאָבליע צוגעזאָטן,
די רעדער כ'צי און שלעפּ אָן אָטעם,
פון כוח'עס זיך אַרויסגעשלאָגן,
ווען דו, מיין טרייסט, זיצט אויפן וואָגן,
באַרג אַרויפצו...

יד

ניט אַ מוז זיך טרעפן אויף נעמיגע
ביי די אַלטע, די צעקלאַפּטע ציגל.
ווו לענגאויס די טראָטואַרן ברייטע —
ראַבינעס מיט פּאַטשערקעס מיט רויטע,
יונגע ראַבינעס, זיי וועלן דיר געפעלן.
ס'ציען זיך די הענט צו די קאַרעלן
כ'וועל מיט זיי דעם האַלדז דיינעם באַצירן.
ביז שטאָק־נאַכט דאָרט וועלן מיר שפּאַצירן.
אין דער פינצטער אויסקושן איך וועל
אויף דיין האַלדז אַ יעטווידע קאַרעל...

מינסק 1965

## טו

כ׳האָב אומגעריכט פאַר זיך אַליין
אַ קוש געטאָן זי און דערשראָקן זיך.
זי איז געבליבן אָנגעדרודלט שטיין:
„אַ נאַר, אַ נאַר און שאָקלט זיך״ —
און זיך צעלאַכט מיט אַלע אירע
ווייסע ציין...

## טז

אויף דיין מידן פּראָפיל פאַלט מיין בליק,
ווערט מיין האַרץ פון ווי צונויפגעדריקט.
אין די קנייטשן, וואָס ביים ווינקל מויל
זיך פאַרטייען, זע איך, פּיין און גרויל
און באַהאַלטן, ווי אין אַ געצעלט —
אַלע גרעסטע אבלות אויף דער וועלט.

## יז

אַ נאַכט אַ האַרבסטיקע און פינצטערע,
עס רוישט און ווילדעוועט דער ווינט אין באַר,
עס פליוכעט עמערווייס
און, ס׳דאַכט מיר, עמיץ
ראַשטשינע אַ פולע דייזשע קנעט...
אין חושך הוידעסטו זיך פאַר מיין בליק
אין אַ גאָלדן רעמל,
די אַקסלען דיינע ווייסע, מירמלנע,
איך קוש און גלעט...

יח

איך שפּאַן פאַרבײַ די ווײַסע שיינהייטן,
בעריאַזעס.
און כ'ווייס אַליין גאָר ניט פאַרוואָס —
ווען דו וואָלסט עס געוווּסט —
אַ שײַן מיר גיט אין דמיון
צווישן פּערלמוטער־קנעפּלעך...
פון דײַן געזוימטער בליוזקע —
אַ ליכטיק פאַסיקל
פון יונגער ווײַסער ברוסט.

יט

מיר קלאַפּט פון פרייד דאָס האַרץ —
איך האָב צו דיר אַ שטעגל
אויסגעטראָטן...
ניט גלייך,
ניט לײַכט
האָט מיר אַזוינס געראָטן:
ניט אָפּגעווענדט פון דיר כ'האָב
מײַנע בליקן,
ניט אויפגעהערט מיט דיר זיך
צו אַנטציקן,
דיר נאָכגעגאַנגען בין איך,
ווי אַ שאָטן.
און סײַווי כ'בין אין ציטערניש
און שרעק —
ניט זיכער
מיט מײַן שטעג...

## כ

וואָס דאַרף איך, זאָלסט זיך זיין מצער,
ניט ענדערן וועסטו זיך סייווי,
דו כאַפּסט זיך אָן אין אַלץ מיט פלאַם־התלהבות
און קילסט זיך תיכף אָפּ,
ווי שטרויען־פייער.
קיין שפּור פון וואַרימקייט אין האַרצן מיינעם
לאָזטו ניט.
כ'האָב ליב אַ הרובע פול מיט האָלץ
בעריאָזעווע,
ביז שפּעטער שעה איך קוק
מיט חיותדיקייט,
מיט געמיט מיט ווילן,
ווי שפּאַרעוודיק עס צאַנקען לאַנגזאַם אויס
די גאָלדיק־גליענדיקע קוילן...

## כא

כ'האָב ליב צו קוקן
אויף דער שוואַלבן־נעסט.
איר רונדקייט אויסגעטאָקט און פיין
און פעסט.
מיין ליבסטע קומט —
זיך טאָפּלט איך דערפריי:
די בריסטן אירע —
שוואַלבן־נעסטן צוויי.

כב

די דרום־זון, זי בראַט מיין הויט,
וויִ דורך אַ לופּע.
מיין לייב געוואָרן ברוין איז, רויט ווי קופּער.
אַט גיב אַ זעץ אין ברוסט מיר,
הערסטו, ס׳קלינגען
די ריפּן מיינע,
ווי די פּאַנצער־רינגען.
עס פעלט מיר נאָר אַ שפּיז אין האַנט —
דאַן ציטער,
דאַן בין איך שוין אַ פולשטענדיקער ריטער...

כג

דיין פּנים מיר באַהעלט דער מולד.
אין דיינע בלויע אויגן ווילע
איז ליב מיר אָן אַ שיעור צו קוקן.
אַזוי אין סאַזשלקע זיך טוקן
די ענטעלעך מיט פרייד און חיות.
איך ריר אָן צערטלעך דיינע וויעס.
דיין ווייסן האַלדז לאָזטו מיר גלעטן
און ביידע מיר ביים מולד בעטן
און ביי די ערשטע בלייכע שטערן,
ס׳זאָל גיכער טונקעלער שוין ווערן...

כד

אין פול־געפאַקטן רוישיקן טראַמווייַ,
כ'ריר אָן אַ שטאַרק־פאַרברוינטן פרויען־אָרעם,
און ס'גיט אויף מיר אַ פלייץ מיט שיין און דרום,
מיט ים, וואָס שוימט און שפּילט זיך פראַנק־און־פריי.
אַנטשולדיקן כ'וואָלט תיכף זיך באַדאַרפט,
נאָר ס'איז מיין צונג צום גומען צוגעזאָטן.
די פינגער פון איר אָרעם, מעשה־שטן,
אַראָפּצונעמען פעלט מיר פּשוט קראַפט.
די פרוי אַלץ אין איין אויגן־בליק פאַרשטייט
און זי באַטראַכט מיך מיט אַ ווילן שמייכל,
וואָס זאָגט מיר אָן: „זי איז דעם חטא מיר מוחל,
אויב סע פאַרשאַפט איר האַנט אַזויפיל פרייד"...
אין פול־געפאַקטן רוישיקן טראַמווייַ,
כ'ריר אָן אַ שטאַרק־פאַרברוינטן פרויען־אָרעם
און ס'גיט אויף מיר אַ פלייץ מיט שיין און דרום,
מיט ים, וואָס שוימט און שפּילט זיך פראַנק־און־פריי.

כה

## איבער מורעשקעס...

חילות מורעשקעס פאַרכאַפּט האָבן דעם וועג,
וואָס פירט מיך אין דיין הויז אין גרינעם סאָסנע־וואַלד
זיי רודערן, כאָטש גיי מיט זיי מלחמה האַלט.
כ'טו שמייכלענדיק אַ טראַכט, צי ס'איז ניט מיט
אַ צוועק...
צי, אפשר, איז דער ערב־רב, די וואָרנונג־שוץ,
וואָס דו האָסט איצט אַנטקעגן מיר אַרויסגעשטעלט?
כ'בלייב שטיין אַ רגע'לע, דער איינפאַל מיר געפעלט.

און, אפשר, וועל איך דאָרט אַן איבעריקער זיין?
אַן אַנדערער איז גאָר דער אַנגעלייגטער גאַסט?
איך קווענקל זיך צו גיין... און ס'יאָגט אויף מיר
מיט האַסט
אַ מחנה נאָך אַ מחנה... פּלוצעם, כ'קוק זיך איין:
מיין אויבערהעמד איז שוואַרץ פון מורעשקעס —
אַ שרעק!
גלייך, ווי ראַקעטעס יאָגן זיי אַרויף־אַראָפּ,
באַלאַגערט שוין מיין האַלדז און נאַקן און מיין קאָפּ,
די הענט אין איילעניש אין אַלע זייטן כ'שטרעק...
עס בייסט און צופּט... אַ קאַלטער שווייס ט'
באַשלאָגן מיך.
ניט אויסגעהאַלטן כ'האָב אַזאַ מין הייסן שלאַכט...
זיך אויסגעדרייט צוריק און פליטה כ'האָב געמאַכט,
עס האָבן אַזש אין גראָז געשווינדלט מיינע שיך...
— — — — — — — — — — — — — — — — —
אויף מאָרגן סט' מיך באַגעגנט קאַלט.
פאַרשפּאַרט צו זיין בין איך דיין גאַסט
אין סאָסנע־וואַלד...

1966

כו

דו ווילע טויב, דו קרוין מיינע
פון רייצנדיקן חן דיינעם,
וואָס פרייד און צאַרטקייט כ'שעפּ!
לבנה ווייסע ליכטיקע
אויף קלאָרן קישן ציכטיקן
באַשיינט אונדזערע קעפּ.
אין הויכן פענצטער אָפענעם,
אַ ווינטל אַ פאַרשלאָפענער
זיך קוים וואָס טוט אַ ריר.
צו אונדז האָט עס קיין שייכות ניט,
די אָרעמס מיינע שלייכן זיך
מיט דאַנקבאַרקייט צו דיר.

כז

ווען דו ווייסט, אַז נאָר דו ביסט דאָס גילדן פישל
אין די פאַנג־נעצן פון מיין זכרון.
איך האָב ליב אויף אַ רגע די וויעס צו שליסן —
דיך דערזען, ווי אַ בלימל אין קאָרן.
ווען אין וואַלד נעמט דער ווינט שוין מיט כוחות
מיט נייע
די הויכוואוקסיקע סאָסנעם צו וויגן,
דיינע אַקסלען באַשיימפּערלעך זע איך פּאַרטייעט,
כ׳הער דיין קול, כ׳פיל זיין צערטלעכן ניגון.
פון באַהעלטעניש גרינער באַמערק איך דערנעבן
דיינע לייכטע רויט־גליאיקע שיכלעך
און אין דמיון דערנאָך פאַר די אויגן מיר שוועבן
דיינע הענט אויף בורשטין־ווייסע ציכלעך.
ווען דו ווייסט נאָך דערצו, ווי פאַרנאַכט אויף
דער וואָר
אונטער דיינע צוויי פענצטער כ׳טו בלאָנקען,
וואָלסטו, אפשר, זיך גאָרנישט געקווענקלט
קיין האָר
און דיין שמייכל מיר פלוצעם געשאָנקען.

כח

מיין פאַרלאַנג —
צווישן אויגנבליק דעם,
ווען די שוימיקע כוואַליע
אָן ברעג זיך צעשלאָגט
און די צווייטע שוין יאָגט
מיט נאָך גרעסערן דראַנג
זיך אַ שמעטער צו געבן,
באַווייזן דיר אַלצדינג צו זאָגן,
מיין לעבן.

כט

ווי אַ קרימער גדויל — אַ „פערדינאַנד״
לויכט אַ האַלבע לבנה איבער יאַלטע.
כ׳האַלט ביים טעלעפאָן דאָס טרייבל
אין דער האַנט.
„און ביי אונדז שוין זאַלקע, ווינטן קאַלטע,
ס׳פאַלט אַ שניי אַ נאַסער נאָכאַנאַנד״, —
גיסטו מיר צו וויסן... אויף מיין ראַנד פון אויער
איך דערשפיר פון קאַלטן שניי דעם ריר...
און די זאָרג און וואַכעדיקער טרויער
פּאַטשן מיט די פליגלען איבער מיר...

קרים

ל

ס׳איז שווער
ניט אומצוקוקן זיך
צו צווינגען,
ווען אַלע דיינע רמ״ח אברים
זינגען;
נאָר זאָל מען פון מיר לאַכן,
מיך באַריידן —
עס קאָן מיין בליק זיך
מיט דיין יונגער שיינקייט
ניט צעשיידן.

לא

## עסמיראַלדאָ...

אַ חודש אַ גאַנצן אין וואַלד דאָ
געחזרט איר נאָמען,
צוערשט אים צעגלידערט:
עס — מיר — אַל — דאָ.
און נאָכדעם צוזאַמען;
געאיבט זיך, געשטאַמלט,
און טיילנווייז ווידער.
און, ענדלעך, פּאַרפעסטיקט אין מוח.
נאָר ווען כ'בין אַרויס
פונעם וואַלדישן הויז,
בלויז פאַרלאָזן דעם טויער,
זיך האָבן צעפּלאָנטערט די קלאַנגען,
די זילבן צעדרייט.
כ'בין געזעסן,
געשטאַנען,
געגאַנגען...
זיך פּלוצעם דערמאָנט — קוואַזימאָדאָ...
עסמיראַלדאָ!, —
שריי איך אויסעט דערפרייט.

## לב

זיך ציט צו דיר די שעמעוודיקייט,
די נישט זיכערקייט,
דיך זוכט מיט ליכט און גאַרט,
ווער מיאוס איז געבליבן אָפּגענאַרט...
עס טרייבט צו דיר
די דאָרשט נאָך צערטלעכקייט,
נאָך ליבשאַפט ערלעכסטער
און, דווקא, נישט געקויפטער.
דער פחד און דער נייגער
צו דיר שלייכן...
דו ביסט די ערלעכסטע
און גרויס דיין אויפטו,
פאַר מיר ביסטו —
פון שענסטן גלייכן!...

## לג

איך פאַרוואַרף זי מיט בריוו,
פאַרשרייב אַלע ראַנדן און ווינקלען...
...אין לופטן שוין שנייעלעך פינקלען
און מאַכן די ברעמען איר סיוו...
ווי ליב אויף איר אויבערשטער ליפּ
אַ שנייעלע זעצט זיך און טייעט...
אַ זאָג צו איר פלוצעם איך גיב:
ווען ס'וואָלטן פון ווערטער מיין פייער
אַזוי אין איר האַרצן צעגיין..
זי וויל ניט מיין רמז פאַרשטיין...
— — — — — — — — — — — — —
דער שניי ז'אויף די פעלדער שוין טיף.
פאַרוואַרף איך זי ווידער מיט בריוו...

## לד

איך האָב אַ געוווינהייט צו הערן און גלייבן
דעם חשובן חבר מעטעאָראָלאָג.
כּך־הווה, זיך אויפגעכאַפּט האָב איך פּאַרטאָג —
פאַרשאָטן מיט שניי איז מיין גאַנעק ביז אויבן.
די הילצערנע לאָפּעטע באַלד כ׳האָב גענומען,
אויף אייגענעם גאַנעק דעם שניי ניט גערירט
(אין הימל זיך האָבן נאָך שטערן געצירט),
כ׳בין איבער די פּוכיקע הורבעס געשווומען.
און שנעל צו דער טיר פון איר שטוב זיך
דערקליבן.
כ׳צעשליידער דעם שניי און דאָס שטעגל כ׳מאַך
ריין,
אַז לייכט זאָל איר זיין אין די שטיוועלעך גיין.
צוריק כ׳לויף צו זיך און צו טראַכטן איז ליב מיר —
מיין ווילע וועט אָנשטויסן זיך, אָדער ניין?...

## לה

דעקאַבער־נאַכט. לעם שוואַרצן וואַלד.
דער מולד איז נאָך ניט געבוירן.
דו גיסט אַ טראַט און דיין געשטאַלט
ווערט אין דער פינצטערניש פאַרלוירן.
אַ שפּאַן פאַרויס אין חושך כ׳גיב...
אַ בוים... אַ קוסט...
דו ביסט אַנטשוויגן —
ווּ ביסטו? — כ׳שריי — טו מיר צוליב.
צעלאַכסטו זיך מיט פאַרגעניגן;
אָ, לאָמיר גיין צו לאָמפּן־שיין,
עס איז דאָ פינצטער, ווי אין קבר, —
איך כאַפּ דיך אין די הענט אַריין,
גרייט אויסצוקושן יעדן אבר.

## לו

דיין שטילער זיפץ האָט אויסדערציילט
מיר אַלץ,
וואָס אין דיין האַרצן טוט זיך.
טאָ לאָמיר שווייגן,
דאָס שווייגן לינדערט, היילט
די ווייטיקן און ס׳זאַפּט מיט מוט זיך
אָן דאָס האַרץ אויפסניי
און אָטעמט אָפּעט פריי.

## לז

דער רייץ פאַרבאָרגענער געדולדיקער
אין מיין נשמה האָט זיך איינגעשניטן.
און מערקווירדיק, ווי ס׳צינדן אָן מיינע געבליטן
(אַן אויגן בליק פאַר דעם, ווי דו פאַרלעשסט די שיין)
דיין איינגעהאַלטענע, פאַרטייעטע באַוועגונג
פון די הענט, ווען
פון די אויגן דיינע —
נעמסטו, לעבן מיינס,
אַראָפּ די ברילן . .
נאָר ווו זיי לייגסט אַוועק,
איך האָב שוין נישט געזען —
דעם פלאַם פון דיינע זאַפּטיקע, און דיינע פולע ליפּן
איך טו שוין פילן —
און אונדזער לעכצנדיקן דאָרשט
באַצווייט מיר אין דער פינצטער שטילן . . .

## לח

איבער דער שטאָט הענגט ווי אַ בליצלאָמפּ
די לבנה,
ס׳בלענדט איר ווייסקייט...
נאָר זיין רואיק קאָן איך —
ס׳וועט אַ שיכּור מיט אַ שטיין
זי ניט צעזעצן.
ביי דער נאַכט אויף די פאַרשטילטע ברייטע פּלעצער
קלינגט איר ליכטיקייט אין טריט פון יונגע פּאָרן.
פון דער הייך זי ווינטשט זיי —
שיינע, שטאַרקע ליבע־יאָרן...

## לט

מיר האָבן זיך אין טונקלעניש
צעשיידט.
ס׳דערווייטערן זיך דיינע טריט...
דאָס חיות ציט
און נאָגט.
מיין פרייד —
אַ דינע ליכט,
וואָס טאָקט
אין האַנט מיינער
און מיר די פינגער בריט...

## מ

וואָס־זשע בין איך שולדיק אינדעריין —
העל געווען איז נעכטן מיין געמיט,
זיס געקלונגען האָבן אירע טריט,
אַלץ באַלויכטן האָט איר יונגע שיין.
היינט בין איך אין שאָטנס איינגעהילט...
טענה׳סטו: „די הויך איז בלוי און ריין,
ס׳שפּיגלט זיך די ערד, מיט זון זיך שפּילט״,
זע איך, אַז דו ווילסט מיך ניט פאַרשטיין,
כ׳בין דאָך ניט קיין בער, וואָס אויף דער קייט,
פאַר אַ שטיקל צוקער טאַנצט פאַר פרייד...

## מא

כ׳האָב ניט דערציילט דיר אינדערפרי —
די גאַנצע נאַכט אין חלום
געאַמפּערט זיך מיט דיר
און איינס דעם צווייטן
זיך געדזיובעט אין די אויגן —
דער טאָג איז מיט אַ מאָל
מיט נייע טויזנט זאָרגענישן אָנגעפלויגן,
האָב איך עס אָפּגעלייגט אויף אָוונט,
נאָר אויפדערנאַכט זיך קוים דערשלעפּט כ׳האָב
צום געלעגער אַ טויט־מידער
און, שטעל זיך פאָר, די גאַנצע נאַכט
אין חלום
זיך געפּיקט מיט דיר, געדזיובעט ווידער.

## במילא...

פֿאַלט דיר אײַן,
בײַטן זיך, טוישן,
די וועלט צו באַרױשן,
וועסט במילא,
ווי צווײ טראָפּנס וואַסער זײַן
ענלעך אויף זיך...
אומגעריכט,
שוין בײַם סוף פֿון דער שפּיל,
ווען ס׳פּאַרגייט שוין די זון,
נעמסטו גרילצן
און זעגן די לופֿט,
ווי אַ גריל
און צירקון,
מיט איין אָטעם,
מ׳זאָל דיך, חלילה,
ניט מפסיק זײַן,
פֿאַלט דיר אײַן,
בײַטן זיך, טוישן,
זיך וועלן
פֿאַרשטעלן
די וועלט צו באַרױשן...

# ליכטיקע בעריאָזע־קאָרע

## לעם באַלטישן ים

עס פאַלט איבערן ים אַזאַ געדיכטער שניי —
גרויסע ווייסע זשוקעס
פליען.
צום ים־ברעג אַ דערפרישטער
און דערמונטערטער איך גיי
און וויש און וויש דעם שניי פון מיינע וויעס.
דער ים, כ'האָב ניט געוווּסט, אַ קונדס איז
און כוואַט:
די כוואַליעס קייקלען אויס
און טאָקן אָפּעט גלאַט
אַזויפיל רונדע שטייפע שניי־קוילן,
ווי עפּל.
דער ים זיך שפּילט און צילט מיט זיי
אין ברעג.
און אָנטייל נעמען ווילט זיך מיר
אין פריילעכן געשלעג,
מיר בייסן זיך די הענט,
זיך מיטן ים פאַרטשעפּען,
צום וואַסער כ'בויג זיך אָן,
אַ שניי־קויל כאַפּ צונויפגעפּרעסטן
און ציל זיך, ציל זיך אינעם ים —
דעם ווייסן חברניק, כל־בויניק
סאַמע גרעסטן.

## די זון די מאַרזשיכע...

אין טונקעלן ווינטער־טאָג
איז קוקן שיין,
ווי פון צווישן אַ וואָלקן־שפּאַלט
זיך גליטשט די זון אַרויס און פאַלט
אין ים אַריין... דאָרט ווערט גלייך אַ באַסיין,
אַ סאַזשלקע אַ ליכטיקע. עס פליעסקעט זיך
און שפּריצט מיט קוועקזילבער
די זון, און, ווי אַ מאַרזשיכע,
זי באָדט זיך מיט הנאה אייניקע אַליין.
עס איז איר וויל געראָם
אין דעם גינגאָלדענעם באַסיין
אין מיטן שוואַרצן ים.

✶

עס בושעוועט דער ים און רעוועט
די ברומענדיקע כוואַליעס זיינען ווייס
און זעען אויס, ווי שטיקער אייז
עס קיניגט ביי דעם ברעג פון ים די מעווע,
מיט פליגלען בלאַנקער פונעם כוואַליע־שוים,
זי וועבט זיך איין אין שטורמישן אָרקעסטער,
זי איז דער זידנדיקער כוואַליעס קליינע שוועסטער
און שרייט פון פרייד
און ווייס ניט פון קיין צוים..



ס'גייט וואַסער־טריט די זון איבערן ים.
אַ צאַפּלדיקס, אַ לויטער־גאָלדיק שטעגל,
צעבארשטן מיט אַ פייערדיקן קאַם
זיך שפּרייט אַנטקעגן מיר: „זיי עולה רגל
צום שקיעה־פּלאַם ביז סאַמע האָריזאָנט"...
עס ווינקט און ציט דער פינקלענדיקער טעפּעך.
מיר דוכט זיך, אַז איך וואָלט
מיט פעסטע טריט געקאָנט
זיך לאָזן איבער כוואַליעס, אין די הויפּנס שעפּן
פון שקיעה'ס גליענדיקן גאָלד...



נו, איז וואָס, אַז ס'איז פעווראַל,
גאָרניט קיין סכנה'עס,
ס'שיינט די זון איבערן וואַלד,
ס'שרייען די וואָראָנעס.
פּראַווען עפּעס, פּרווו פּאַרשטיין,
חתונה'עס צי תנאים
און איך פיל נאָך זיך אַליין —
ס'קומט צו פרישער כוח.
און די בלויערלעך, דו הער,
דזינקען אַזוי פריילעך.
ס'איז דעם וואַלד דערוויילע שווער
אין זיין ווינטער־הולך.
טיף איז נאָך אין קאַלטן שניי
יעדער קוסט פאַרזונקען.
נאָר אַ מונטערער איך גיי
פון דער זון באַטרונקען.
צו דעם פּיקהאָלץ כ'רוף זיך אָן:
קלאַפּ ניט אַזוי, ליבער,
אַ רחמנות אויף דיין שנאָבל,
כאַפּ דעם אָטעם איבער.

## ווענסנע־שניי

ווי די שפּערלעך זיינען מלא־שמחה
מיטן פרישן שניי אין אָנהויב מאַרט
אויפן אַלטן קליאַן דעם אויסגעקרימטן
איז ביי זיי פון פרילינגס־קראַס
דער סטאַרט.
זיי אַ בריה, פּרווו קאָרשט איבערשרייען
זייער רוישנדיקע צוויטשעריי.
אינעם פייפן הער איך : „אַ מחיה
אין אַ נאָווענע זיין לוסטיק־פריי״.
אין דער ליבער ווייסקייט לייכט זיך אָטעמט.
ס׳זאָגט מיר אָן דאָס פייגלשע געשריי :
ס׳האָט דעם ווײ און קלעמעניש פאַרשאָטן
אָט דער פוכקער גוטער ווענסנע־שניי.



צעשלאָג מיר, ווינטל, די געדאַנקען און צעוויי.
ס׳איז שוין ניט שטייף און ס׳בלענדט מער ניט
דער שניי
מיט בלישטשענדיקע דימענטלעך פאַרשאָטן,
פאַרענדערט זיך — פאַרטונקלט און פאַרשאָטנט,
געוואָרן איינגעזונקען, איינגעשרומפן און
געשטופּלט
און נאָך אַ טאָג צי צוויי —
אין קופּעס
צונויפשאַרן מע וועט אים און, ווי מיסט
אַרויספירן . . .
געווען אַ קלאָרער שניי. . .
פאַרדריסט . . .

# איך הער פאַרגאַפּט

עס איז אין וואַלד דער שניי נאָך ניט צעגאַנגען,
און ס׳פּרוווט דער סאָלאָוויי שוין זיינע קלאַנגען.
ער שפּילט דערווייל די סאַמע אָנפאַנג־גאַמעס.
כ׳שטיי צווישן סאָסנעס — מיינע דלת אמות —
און הער פאַרגאַפּט, ווי ס׳ווערט אַ ליד געבוירן.
ביי מיר אין האַרץ עס נעמען זאַפטן יוירן.
און כאָטש אין שניי אין בלאָטיקן
די פיס מיר פרירן,
פאַרכישופט קען איך זיך פון אָרט ניט רירן.



פאַר וועמען האָט זיך די בעריאָזקע טיף פאַרנויגן
און שטיין פאַרבליבן שוין פאַרנייגטערהייט ?
ווער האָט זיך איר געוואָרפן אין די אויגן ?
צי ס׳האָט די זון באַגינען זי דערפרייט,
אין זומער־וואַלד אַ העלן שייטער אָנגעצונדן ?
צי ניט אַ שטערן ביידערנאַכט איז דאָ פאַרשוווּנדן
און ס׳זוכט אים די בעריאָזקע,
בויגט זיך, בוקט,
צי, אפשר, אויף אַ שיינעם בחור
האָט זי זיך פאַרקוקט . .



ברכה׳עס אויף די ליפּן מיינע שוועבן,
איר זאָלט, יונגע סאָסנעלעך, דערלעבן
ווערן גרויס, מיט מעכטיק־שטאַרקע שטאַמען,
די זון זאָל אייך די קרוינען קושן, קאַמען...
... פּאַר מיין בליק אַ שאָטן נעמט זיך שפּרייטן —
כ׳האָב אַ „יונגוואַלד״* זיך דערמאָנט אַ צווייטן...
אויסגעדאַרט געוואָרן און צעטריקנט —
דער פּאַרדראָס הויבט אָן מיין האַרץ צו דריקן —
אָפּגעפאַלן איז די פרישע קאָרע,
פון די וואָרצלען שטויב געוואָרן, פּאָרעך...
כ׳טרייב מיט רוגזה די מחשבות טריבע.
וואַקסט אין פריידן, יונגע סאָסנעם ליבע!

---

* „יונגוואַלד״ — אַ יידישער יוגנט־זשורנאַל אין רוסלאַנד אין די נאָך אָקטיאַבער־יאָרן.



אַזויפיל בעז אין פּאַרק! וויפל נאָר כ׳פּאַרלאַנג.
די צווייגן בעטן זיך: „רייס אָן בוקעטן קווייטן
כ׳פּאַרנויג אַ צווייג צו זיך און זאָג איר שטיל:
— אַ דאַנק,
נאָר וועמען זשע מיט זיי באַגעגענען
באַגלייטן?—״
איך עטעם טיף אַריין דעם דופט דעם זיסן
און ס׳ווערט פון ווי ביי מיר מיין האַרץ צעריסן...



קאָן איך דען טראָגן אַן עוולה
אויף דער גוטהאַרציקער קוקאַווקע,
וואָס האָט מיר אין ווייסרוסישן וואַלד,
ווען איך בין נאָך יונג געווען,
אַ שאָק מיט יאָרן געשאָנקען? —
נאָר, אוי, איז מיר איצט שווער געוואָרן
מיטן פולן קויש
אַרומצוקלעטערן, אַרומצובלאָנקען...

## צווי קרייזן

אַ טאָג אַ ליכטיקער,
אַן אָדליגע.
כ׳גיי רונד־אַרום דעם הויז,
פּונקט ווי אַן עופל — טראָט ביי טראָט...
און קוק:
אַ רעאַקטיווער אַעראָפּלאַן וועבט אויס
אַרום דער זון אַ ווייסן קאַראַהאָד...
צוויי קרייזן:
אין בלויער הייך אַרום דער זון
דעם פּליערס,
אין וואַלד אַרום דער שטוב —
מיין פּאָרזיכטיקער שפּרייזן...

## פאָנטאַן־סקולפּטור

אַ פראָש מיט ליבשאַפּט באָדט
אַ ווילן יינגעלע,
שיקט פונעם ברייטן זשאַבע־מויל
אַ וואַסערשטראַל אַ דינעם,
עס גלאַנצט די זון אויף פייכטן, פיינעם
יינגל־לייב,
קאָליריק שפּיגלט זיך אין יעדן טאַנצנדיקן
טראָפּן.
דעם יינגעלע הנאה טוט,
ער קוקט פאַרחידוש׳ט אויפן פראָש דעם
גרינעם
מיט דאַנקבאַרקייט.
און ביידע זיינען מלא־חן.
די גוטסקייט מאַכט אפילו
די זשאַבע שיין!

1964 י. מינסק



וואָס ציט דיך צו פידרעך־קאַפּידרעך,
צו משה־קאַפּויער,
צו ווייזן דעם הימל די פאַרגעלטע
צערעפּעטע פּיאַטעס? —
איך קוועל פון געגנוס,
ווען איך שטעל מיך אַנידער
אין טויקן פעלד
מיט אַ באָרוועסער פוס,
פיל די פרישקייט פון ערד
פון דער רויער,
אַ רגילות פון זיידעס און טאַטעס..

## באַדאַרפסטו זאָרגן זיך?

דער צוויט, ווי שניי פון עפּל־בוים זיך שיט,
אַ שאָד די וווּנדערלעכע ווייסקייט.
עס רוימט דער ווינט: „דו דאגה'ע ניט,
עס וועלן אויף די צווייגן
פון קנאָספּן פּעכיק־קלעפּיקע
אַ וואַקס טאָן רייפע שטייפע עפּעלעך
מיט שנייאיק־קלאָרן לייב אונטערן הויט".
און ס'רוישט דער ווינט און שעפּטשעט מיר,
פאַרטרויט:
„ס'האָט זומער־לעב אַ טבע צו אַנטרינען,
אַ קער צו טאָן באַווייזט זיך ניט
און ס'פליען שוין די ווייסע בינען
און שניי, ווי צוויט די צווייגן שנעל
פאַרשיטן
און ס'פאַלן פונעם עפּל־בוים אויפסניי די ווייסע
בליטן...
באַדאַרפסטו זאָרגן זיך?.."



געוויטער־וואָלקנס שווימען,
איז מאַך איך מיר אַ סימן:
אָט יענעם וואָלקן־שפּיץ
שניידט תיכּף דורך אַ בליץ —
און ס'גיט אַ זעץ אַ דונער.
— כאַ־כאַ, דו האָסט געטראָפן,
נו, טו נאָך טרעפן, טו נאָך —
איך מאַך דאָס פענצטער אָפן:
אַראָפּ, אַראָפּ פון זאָטל,
פאַר דונערס כ'ווער נישט באָטל,
עס שיינט שוין פאַר די אויגן
אַ פרישער רעגנבויגן.

## דער שטאַר

דער שטאַר אינדערלופטן אַ מיידים איז,
הויך־הויך אויף דער סאָסנע זיין ביידעלע.
אַ טאָג צוויטשעט אָפּ, ווערט ניט הייזעריק,
בלויז ס'טרעפט, ס'ווייזט זיך אויס מיר,
ער בייזערט זיך,
צי וואָרנט ער ניט זיינע שטאַרעלעך:
— די קעפּלעך ניט שטעקט אַרויס, נאַרעלעך. —
און שטאַרק זיך צעצוויטשעט, צעשריען:
— צו פרי נאָך, צו פרי אייך צו פליען...
ווי קאָמיש דער שטאַר אָבער ווערט,
בעת ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד,
נעמט לויפן אַזוי ווי אַ מייזל.
— אַ ווערעמל! גוט, ווי געפונען, —
און ווידער אַ פלי צו זיין הייזל,
אין קיילעכיק טירל אַנטרונען — — —
ביים שטאַר כ'וואָלט צו גאַסט וועלן זיין,
איז רופט ער ניט, און אומגעבעטן
צו קומען איז, קינדער, ניט פיין
פאַר קיינעם, בפרט פאַר פאָעטן...

1969



קאַרטאָפל בליט,
עס קוקן פלאַמענדיקע אויגן פון די בייטן
ס'איז צו באַוווּנדערן די שיינקייט פון די קווייטן.
און ס'ציט אַזוי און ס'ציט
צו בלעטעלעך צו בלוילעך־פיאָלעטע.
צו די פאָר געלבלעך גליענדיקע אַפּלען,
די הענט זיך שטרעקן אויס
זיי צערטלען, גלעטן...

אין דער נשמה די געבליטן
זיך פֿאַרצאַפּלען.
אַן אויבס אַ וואַכעדיקס, געווײַנלעכעס,
קאַרטאָפּל,
צי רוף עס בולבע אָן —
עס האָט ניט קיין פֿאַריבל.
און די קאַרטאָפּל־בלומען
לויכטן אויף פֿון ליבשאַפֿט
און האָפֿענונג...



איך האָב פֿאַמעלעכקע
געסטאַרעט זיך דערנענטערן
צום קאַרשן־בוים,
אויף די שפּיץ־פֿינגער,
כּדי,
אַ קוק צו געבן נאָענט
אויפֿן וועלט באַרימטן זינגער,
דעם סאָלאָוויי.
צי ס׳האָט אַ ווינטעלע געטאָן אַ ווײ,
צי, אפֿשר, האָט אַ קאַרש פֿאַלנדיק
אַ קלאַפּ געטאָן זיך אין דער בוימער־קאָרע,
און ס׳קאָן זײַן, אַז דאָס גינציק
שפּיל־פֿייגעלע,
פּונקט ווי די זשיטקאָוויטשער
שיינע־הינדל,
שרעקט זיך אויך פֿאַר אַן עין־הרע,
און איינס — און צוויי
אַ פֿאָך געטאָן מיר מיטן עקל
נאַכטיגאַליש האָט דער סאָלאָוויי:
— אויף ווידער זען...



מיינט איר, אַז אונדזער קאַץ
קאָן בלויז זויפן און נאַשן,
טוט אַבער אַ קוק,
ווי שיין און קלוג
זי נעמט אירע אויערלעך וואַשן:
זי נעצט גוט־גוט איין מיטן צונג
איר פּאַדערשטע לאַפּקע
און תּיכף הייבט אָן מיט איר,
ווי מיט אַ פייכטער טריאַפּקע
די אויערלעך און פּאַטיליצע וואַשן
און רייבן,
ממש, זאָג איך אייך, צו באַשרייבן.



אַ באַבעלע
איז דורך מיין אָפענעם פענצטער
אויף דער אויבערשטער שויב אַרויפגעפלויגן.
פלאַטערט אַרום פאַר מיינע אויגן
אויף מיין ווייסן בויגן פּאַפּיר —
איר שאָטן,
פּונקט, ווי אַ נשמה
וואָלט אַרומגעפלאַטערט...
איך טו זיך העכער אַ הויב
און מיט פאַרטייעטן אָטעם
נעם פאַוואָלינקע פאַר אַ פליגעלע
די באַבעלע אַראָפּ פון שויב:
פלי געזונטערהייט צום ליופּין,
צו דער זון
און מיך מיטן שאָטן דיינעם
אויף מיין העפט ניט מאַטער...

# מיט בעזעמלעך מיט גרינע

כ'קוק, ווי אויפגערוימט און היימלעך
ס'נעמט דער הייסער יולי־ווינט אין לופטן
פעכלען, שמייסן
מיט די צווייגן פון די קאַרשן־ביימלעך
אין מיין בעל־הבית'טעס סאָד.
אָט אַזוי מיט בעזימלעך מיט גרינע
צימבלט מען זיך אויס געשמאַק די ביינער
אויף די שוויץ־בענק אין פּאַריעטשער
פוירישער באָד.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַרויס כ'בין פון פּאַריעטשער הייסער באָד
און מיך אַרומגעכאַפּט אַ ווילער ווינטל האָט:
— איך וועל אַצינד דיך אָפּקילן, מיין ליבער. —
אַנטקעגן יונגע ראָבינעס
מיט רויטע פּאַטשערקעס,
באַמערקט האָב איך, זיך ווינקען איבער
און, שעלמיש־שעמעוודיק פאַר מיר זיך נויגן,
אַ האָן גיט מיט אַ קריי מיר אָפּ סאַליוט:
— העי! צו רפואה, אַלטער,
שיינסט ווי אַ פּאַריעטשער רעגנבויגן.

לעם גראָדנע.



איך האָב פון דעם הנאה וויפל,
ווען איך פּאַרקאַטשע הויך די פּליודערן
און גיב אַ שטופּ פון ברעג דאָס שיפל
און שפּרינג אין דעם אַריין, נעם רודערן
מיטביידע וועסלעס פלינק און ריין.
איך וואָלט אַזוי פון זיך אַליין
זיך אָפּשטויסן מיט פאַרגעניגן,
אויף כוואַליעס הוידען זיך און וויגן,
דערזען ווי דאָרט ביים ברעג איך שטיי,
צו זיך טאָן שקאָציש אַ געשריי.



אין אַן אויגוסט-אָוונט אין אַ שפּעטן,
גוט שוין פינצטער ווערט, אַ זייגער צען,
ס'איז די לבנה און די שטערן ניט צו זען,
וואָלט אַ ווינטעלע כאָטש טאָן
אַ גלעט מיך.
אינעם סעדל אַ צירקון נעמט זעגן...
וואָס ער זעגט, ווערסטו זיך ניט דערפרעגן.
רוט אַ קאַפּל אָפּ... און, דערהערט
כ'האָב דייטלעך,
ווי פון בוים אַן עפּל פאַלט אַ צייטיקער,
שטיל אַ קלאַפּ זיך טוט אין ווייכן גראָז...
גיט אַ ריס אין האַרצן...
כ'פיל פאַסירט האָט וואָס...
ערגעץ ווייט פון דאַנען, אין אָט דער מינוט,
פאַלט אַ קאָפּ פון אַקסלען,
כליניענדיק מיט בלוט,

טוט זיך קוים אַ קייקל
אויף דער האַרטער ערד,
ס'וויגט זיך נאָך ביים תּלין אין דער האַנט
די שווערד...
אין אַן אויגוסט־אָוונט אין אַ שפּעטן,
וואָלט אַ ווינטעלע כאַטש טאָן
אַ גלעט מיך...

טשערוועז — איהומען, 1971



אַ שרעק,
ווי האַסטיק
ס'טראָגן זיך די טעג!
שוין ווידער נידעריק, איבערן דאַך,
פאַר די אויגן שיינט
מיט ברייטן קיילעכיקן פּנים —
פּונקט ווי אַ גרויסע פּילקע —
די לבנה,
זי וואָלט אין קוישבאָל־רייף גאָר ניט אַריין...
און ס'דאַכט,
ערשט נעכטן נישטיק־קליין
געשטעקט אין הימל,
ווי אַ שערבעלע, אַ קאַמע
און קוים וואָס ס'האָט אין איר געזשיפּעט
די נשמה.

1979. אור יהודה.



כ'בין פלייסיק אַזוי ווי די שוואַלב,
וואָס פליענדיק שלינגט זי די מוקן.
איך מוז פון באַגינען אַרומגיין
אַלץ פאַרשן און הערן און קוקן.
זאָל זיין איבער רוישיקע פלעצער
און זייטיקע וואַלדישע שטעגן.
אין טראָפּנדל טוי אויפן בלעטל
אַנטפּלעק איך אַ גאַנצן פאַרמעגן.
איך מוז זיך פון סאַמע באַגינען,
ווי שוואַלבן,
ווי בינען
באַוועגן.



דעריבער הייסט עס זשוק . . .
ווי דורכגעטריבן, גיט אַ קוק
אין רגע'ס פון געפאַרן
זיין שונא קען ער נאַרן,
מגולגל ווערן אין אַ שטיינדל
קיילעכיק ווי שרויט . . .
ס'וועט קיינעם גאָר ניט קומען
אויפן זינען —
אַז פליגעלעך און פיסעלעך דערינען.
ניט צו באַגרייפן, ניט צו פאַרשטיין גאָר,
ווי פּיקחות'דיק דאָס לעבן איז געבויט...



אין פּאַריעטשע
זיינען שוין די פּאַמידאָרן,
ווי די פּעפּינקעס געוואָרן
צונטער רויט,
נאָר דער זומער איז שוין ווי אַ קונדס —
איבערגעשפּרונגען אויף דער אַנדער
זייט פון פלויט,
גייט און הריזשעט אַ פרישע אוגערקע
פון בייט
און ווינקט מיר אונטער:
מיר זיינען, אַלטער, שוין אַרונטער...



אין אָסיען־וואַלד
מיין בליק פון אַלץ
נתפּעל ווערט:
אַ בלויערל פליט נאָך
אַ פאַלנדיקן בלאַט,
באַגלייט אים ביז דער ערד —
צי מיט באַדויערונג,
צי גלאַט
אויס שטיפעריי.
אין אָסיען־וואַלד
זיך פילן די מחשבות מיינע
פראַנק־און־פריי...

## דער ווינט דער אכזר

לעצטע ציטעריקע בלעטלעך
אויף די טאָפּאָל קרוינען־שפּיצן,
פונקט ווי שפּערלעך,
פּאַרקאַלייעט זיצן.
ס'לאָזט קיין רגע זיי ניט אָפּ
דער קאַלטער ווינט דער שאַרפער,
ער מוז זיי אין דער קאַליוזשע
אַראָפּוואַרפן.
ווערן זיך די בלעטעלעך,
איינגעשטשעמעט אין די הוילע
טאָפּאָל־קרוינען.
וויל זיי ניט דער ווינט — דער אכזר
שוינען...



מיין סאַנאַטאָריע, ווי אַ שניי־געצעלט
צעווישן זילבער־סאָסנעס זיך באַהאַלט.
די שטילקייט און די ריינקייט פון דער וועלט —
אין אָוונטיקן ווינטערדיקן וואַלד.
מיין שטעגל זי לבנה מיר באַלייכט.
די לופט די פּראָסטיקע, ווי קאַלטן ביר
געשמאַקן זופּ איך, זויף איך אָן אַ שיר.
די הענט און פיס מיר ווערן מאָדנע לייכט.
מיט חיות כ'שטעל זיך אָפּ און קוק און הער —
די שטילקייט האָט קיין ברעג ניט און קיין סוף.
נאָר מיטאַמאָל — אַ קלאַפּ געטאָן האָט ווער? —
אַ דלובע גיט דער פּיקהאָלץ דאָס פון שלאָף.
דאָס חלומט זיך דעם עקשן, מן הסתם,
אַ ווערעמל אין קאָרע פונעם שטאַם.
מיין סאַנאַטאָריע, ווי אַ שניי־געצעלט.
צעווישן זילבער־סאָסנעס זיך באַהאַלט.
די שטילקייט און די ריינקייט פון דער וועלט —
אין אָוונטיקן ווינטערדיקן וואַלד.



כ׳קום אַרויס אינדערפרי
אויף דער ליכטיקער פּראָסטיקער וועלט.
פון דער העל מיך מיין יוגנט באַפאַלט.
מיר געפעלט
אין בעריאָזעוון מאַרטיקן וואַלד
צו מאַרשירן אויף לויטערן שניי.
מיינע קוליעס זיי סקריפּען און זינגען
אַזוי,
פּונקט ווי איבער אַ קרעניצע־ברונעם
דער בושל.
ס׳איז מיר וויל!
כאַליאַסטרעס פון יינגל־מחשבות
זיך גיבן אין זינען אַ דריי,
נאָר איך צוים זיך
אַרויסברענגען זיי פון מיין מויל,
ס׳נעמט אַזש פלאַמען דאָס פּנים
פאַר בושה...



אין שאַ־שטילן ווינטער־אָוונט,
אין וואַלד סאָסנאָוון
שטיי איך שעהענווייז
צוזאַמען מיט די סאָסנעם
פאַרטאָן אין ניט באַוועגלעכן,
ניט רירעוודיקן שווייגן.
און קיינעם דאַרף איך גאָרנישט אויפקלערן,
ניט איבערצייגן,
מיט קיינעם קיין חשבונות פירן;
דער קאָפּ איז ביז די שפּיצן פון געהירן
אָנגעזאַפּט מיט זיסער, פעכיקער רו,
מיט לופט מיט פראָסטיק־לויטערער,
וואָס קרעפטיקט, שטייפט.
אַ שורה דאַן אין האַרצן מיינעם
רייפט...

1964, קאַראַלישטשעוויטשער וואַלד, הינטער מינסק

## ליכטיקע בעריאָזע־קאָרע...

אָנפאַנג מאַרט איז
איך קוק זיך צו,
די שיינענדיקע ווייסע קאָרע
פון די פיינע פערעדעלקינער בעריאָזעס
אויסגעשריבן איז געדיכט
מיט שורהלעך,
מיט פּאַסיקלעך און צלמלעך
צעוואָרפענע,
צעשליידערטע,
פונקט ווי די טרעפלדיקע פערזן
מאַיאַקאָווסקיס,
צי ווי אַ בלאַט גמרא
אָנגעפּיקעוועט
מיט פּינטעלעך מיט שוואַרצע...

צי, אפשר, שאַפט עס איין בעריאָזע
פאַר דער אַנדערער
פון פולן האַרצן
ליבע־צייכנס
הייסע, צאַרטע.

אָנפאַנג מאַרט איז,
איך שטרעק מיין האַנט
אַ גלעט צו טאָן
די מילך־ווייסע, קלאָרע
ליכטיקע בעריאָזע־קאָרע.

# ניט פֿאַרשטענדלעך...

ניט פֿאַרשטענדלעך, אָן מײַן װיסן,
רוים איך זיך אין קאָפּ:
ס'איז אַ קנײַלכל מיט אַ פּלאָנטער,
לײג אויף שפּעטער אָפּ...
װײס דען ניט מײַן האַנט די רעכטע,
װאָס די לינקע טוט? —
בין איך דען קײן בעל־הבית ניט
אויף מײַן אײגן גוט,
װאָס דאָס װיכטיקסטע, מײַן עצם,
כאָטש איך זע און פֿיל,
זיך פֿאַרטײַעט האָט אין האַרצן,
װי אַ מײזל שטיל..

# מיין ווינטשפינגערל

## דאָס יאָדערל

כ'האָב קינדווייז ליב געהאַט צו שטיין ביים טויער,
אַ שאָקל טאָן אַ ניסל נאָנט צום אויער,
ווי ס'באָמבלט זיך דאָס יאָדערל דערהערן.
דער ברוינער פעסטער לעבעדיקער קערן —
ער האָט אין זיך אַזויפיל קראַפט און פייער.
דערפאַר איז יעדעס יאָדערל מיר טייער,
דערפאַר, מיין לעבן, שטרענג ביי דיר איך פאָדער:
זיי ווי אַ ניסל מיט אַ שטייפן יאָדער!

✶

מיין שכן, דו זיידעניו האַרציקער,
מיט אָפּשיי איך היט אָפּ דיין רו.
מיין איינציקע ביסטו גראַמאַטיקע,
דער ווערטער־בוך מיינער ביסטו.
עס טרעפט מיט אַן אויסדרוק איך ספק זיך
(די כללים פאַרגעסן זיך פאַרט),
איז ווער איך דורך דיר אַ געהאָלפענער,
געפינסט גלייך דאָס פאַסיקע וואָרט.
באַחנט און מיט אַלערליי פיטשעווקעס,

און, ווי אַ טרוסקאַווקע פון בייט,
איז זאַפטיק דאָס וואָרט, אַ פאַרכישופטער
איך שעפּטשע מיין שורה מיט פרייד.
מיין לשון שטראָמט לעבעדיק, צאַפלדיק,
טוט טיף מיין נשמה אַ ברען.
דאָס האַרץ מיינס נעמט האַסטיקער קלאַפּן זיך,
אַ ציטער אין האַנט גיט די פען.
מיין שכן, דו זיידעניו האַרציקער,
מיט אָפּשיי איך היט אָפּ דיין רו,
מיין איינציקע ביסטו גראַמאַטיקע,
דער ווערטער־בוך מיינער ביסטו.

מינסק, 1963

## אַזוי ווי די ייִנגלעך משחיתים...

אין בעסטן פאַל
טוען מיר מיינע לאַנגיאָריקע לידער
אַ בערישע טובה,
זיי וואַרפן אין מיר
פון די פּערזן און סטראָפן
צעריסענע גלידער
און אברים —
אויסדרוקן שטיקלעך
און ווערטער און זאַצן
פאַר מיר שוין פון לאַנג
צוגעגעסענע און טראַפּארעטע,
ס'געדולד קען אַזש פּלאַצן.
מיט גוטן זיי בעט איך —
גענוג שוין! —
איך פּרוו אויך מיט רוגזה,
נאָר ס'העלפט ניט,
זיי שמיצן און שמייסן אָן אויפהער גאָר,
אָן אַ הפסקה,

אַזוי ווי די האַרצלאָזע יינגלעך משחיתים
צעווילדעוועט שליידערן,
וואָס נאָר עס קומט אונטער האַנט זיי —
אַ שטעקל, אַ צווייגל
און שטיינער און ברעקלעך פון ציגל
אין אַ סאָראָקע,
וואָס שפרינגט אויף דער ערד
מיט צעווונדיקטן פליגל...

## אַנטקעגן שפּיגל־שיין

קיין עצבות כ'לאָז ניט צו —
ניט און ניט!
דאָס תמיד אויסגעפּרעסט,
דאָס קלאָר־בלאַנק קראַגעלע
אַרום מיין האַלדז באַשיצט מיין ווייל געמיט,
נאָר ווען כ'דערשפּיר אויף זיך
אַ קוק אַ שפּיזיקן,
וואָס ווערט באַגלייט מיט אַ תרעומה'עס־פראַגעלע:
— „ווי האַלט מיטן געזונט ז׳",
באַמי איך זיך דערנאָך אַנטקעגן שפּיגל־שיין
צו בודק זיין דעם חשד
פון אָט דעם דאָרן־בליק,
צי האָט ער טאַקע יאָ אַ גרונט?...
און דאַך, כדי זיך צו באַוואָרענען,
כ'גיב פאַרן שפּיגל ממזריש אַ פינטל מיט אַן אויג
און מעשה כוואַט
דעם דאַשעק אויף מיין שטערן
בראַוועד אויף אַ זייט איך טו אַ קנייטש,
אַ בויג,
מיך זאָל
דאָס שפּיגל־גלאָז ניט אפּאטושען מיט אַ מאָל
מיט מרה־שחורה...

## פאַרט כ׳בין זיך מודה

ניין, ניט איך וועל זיך דורש זיין
און ניט זיך טאַדלען,
נאָר פשוט, כ׳בין זיך מודה און מתודה —
מיט דער נשמה מיינער לעב איך ניט בשלום,
איך מענטשל זי און רייניק, יעט און פאַלע
און צופּ און סקובע נאָכאַנאַנד
דעם מיסטגראָז, ביטערגראָז,
בוריאַן, סווירעפּקע,
די סאָפּקע כ׳האָב צעקלאַפּט, צעבויגן.
און פון דער הראָבליע שוין אַרויסגעפלויגן
איז די לעצטע קלעפּקע.
געהאָרעוועט, געהויקערט זיך,
איין ווינקעלע — איך פריי מיר — איז שוין
ציכטיק־זויבער.
נאָר כ׳גלייך זיך אויס
און הייב די אויגן אויף —
אין אַנדער ווינקל שוין אַרויסגעשלאָגן ווידער —
קאָלטע, בלינדע, טויבע,
בריענדיקע קראָפּעווע,
אַזש ענג אין קאָפּ מיר ווערט
און מער פון אַלצדינג ברענגט מיך
פון געדולד אַרויס
דאָס ניכפּעדיק, דאָס גיפטיק גרעזל
וואָס סמט און סאָרפּעט אומבאַמערקט דאָס וועזן אָפּ
און דאַכט מיר, היינט איך רייס און פליק עס
מיטן וואָרצל אויס,
אַלצאיינס עס יאָוועט מאָרגן זיך פונסניי,
קריכט אומגעריכט לעם סאָמע שטוב
פון אונטער וואַנט אַרויס.
טשיקאַווע, אין קיין איין באָטאַניק־בוך
איר וועט זיין נאָמען ניט געפינען —
דאָך אַלט און יונג עס ווייסט — כאַפּט עס
דער רוח —
עס הייסט — די קנאה־שנאה...

# צוויי פלאַכן...

מיר טועןביידע אין איין שפּראַך,
נאָר אין פאַרשידענע גאָר פלאַכן,
איינע פון דער צווייטער — אַ מהלך־רב.
אויף דיין לעבנס־שילד —
אויסגעצירקלט מיט אותיות מיט גרויסע:
„אַבי אַ שמאַטקע,
כ׳וועל פון דעם אַ ליאַלקע מאַכן״...
אויף מיינעם,
מיט אַן אייליק־אומרואיקן כתב:
„מיין גאַנצע מי — אַרויסצוברענגען קלאָר,
וואָס אויפן האַרצן איז מיר אָנגעזאָליעט...״
צוויי פלאַכן, ריכטיקער, צוויי דאָליעס,
נאָר ווער עס ווערט צושפּילן דער מזל? —
אָנבאַלאַנגט פון דעם,
וואָס האַפּטיקער —
צווייפל און עקשנות,
צי זיכערקייט און עזות?...



איך דריי מיך אַרום
צווישן הויכע סאָסנע־בוימער
אין טונקעלן אָסיען־וואַלד,
פונקט ווי דער קרומער פישקע,
וואָס טרוימט נאָך זיין געטרייער בייליע
דער האָרבאַטער
און הויב אויף פונעם פייכטן גראָז
אַן אויסגעבלאָזענע שישקע...
ס׳איז מיין געשטאַלט, —
האָט אַ מחשבה אין מיין זינען
טרויריק דורכגעפלאַטערט.
ניין! —
מיט רוגזה שריי איך אָן
אויף זיך אַליין, —
מיין האַרץ וועט ווידער ווערן,
ווי אַ מילגרוים פול
מיט זוימען־קערנדלעך,
מיט העלע טרוימען־שטערנדלעך...



איין ייד אין פערעדעלקינאָ.
זיין פאַמיליע — סערעבריאַני,
נאָר ביי מיר איז ער
מיט גאָלד צוגלייך.
מיט לידער בין איך דאָך,
ווי קורח רייך,
טראָג איך אין זיין הויז,
ווי צו אַ יוּוועליר,
אויף מבינות —
יעדן נייעם שיר.

1970. הינטער מאָסקווע



דערלאַנגסט אַ שליידער
דיינע שורה׳עס, ווי די קלעצער
און הובלען, טעסען, שלייפן
זאָלן איבערזעצער.

ניין, שאַרף און פוץ און שייער
ס׳וואָרט אויף מאַמע־לשון,
ניט ווערן זאָל זיין ליכטיק פייער
אויסגעלאָשן.

זאָל טאָן דיין וואָרט פאַר מיר אַ שיין,
ווי זיבן זונען.
זיין שטאַרק און זיס, ווי גוטער וויין
פון אַלטע טונען.

1969



דו זאָגסט מיר — וואָס, וואָס,
נאָר נאָך אַ וואָרט
דאַרפסטו אין קעשענע ניט קריכן.
און איך אַ טראַכט דערביי גיב —
צוגעגליכן,
אָפט קריכן מיר די אויגן שיעור אַרויס,
ביז איך זוך אויס,
פאַס צו, פונקט ווי אַ שליסעלע צום שלאָס,
דאָס וואָרט דאָס סאַמע פינקטלעכע
און נייטיקע.
אַ שאַרף, אַ טרעפלעך וואָרט,
איז אַן־און־פאַר זיך —
אַן אפותיקה.

# אַ הונדערט יאָר אויף אויסצאָלן

פאַרן בחור הזעצער
משה רנת

אין לויפעניש און האַוועניש
אַזויפיל צייט צעריבן.
אַ ניט געענטפערט בריוול
ליגן איז געבליבן.

דעם חברס אַדרעס אומגערן
מיט מילך האָב איך פאַרגאָסן
און אָט אַזוי ניט ווילנדיק
עס קומען צו פאַרדראָסן.

און דרייפאַכיק און צענפאַכיק
זיי לייגן זיך אין שיכטן.
צי וועלן כוחות קלעקן מיר
די בלויזן אויספאַריכטן —

אַ וואָרטסמאַן זיין, פאַר קיין בעל־חוב
כ'זאָל צווישן פריינט ניט שעמען.
אַ הונדערט יאָר אויף אויסצאָלן
ווען ערגעץ קאָן איך נעמען.

כ'וואָלט ראַטעסווייז זיי אָפּגעבן
און מער כ'וואָלט שוין ניט לייען.
אַן לויפעניש, אַן האַוועניש
וואָלט צייט אויף אַלץ מיר סטייען.

# וואָס קען זיין פון מאַמע־לשון שענער

אויף לאַנג מיט דיר,
איך זעגן זיך ניט, צפת.
נחת־רוח
האָב איך דאָ געהאַט.
לעם ראַנד פון באַרג כ׳וועל איינס נאָך איינס
אַ טשאַטע לידער הויך אַ וואָרף געבן צום הימל:
פליט צוזאַמען מיט די שוואַלבן אין געווימל
און ווילט איר קרייזט באַזונדער אין אַ סטייע,
זאַפּט אין זיך די פרישקייט,
אַטעמט פרייער!
דאָרטן אונטן אין די געסלעך יונגע חסידים
ריידן, זינגען וווּנדערלעך אויף יידיש,
כ׳בעט אייך, ווילע מיינע, לאָזט זיך דינען,
שוועבט צו זיי אַראָפּ אין אַ באַגינען,
נעמט אין זיך אַריין די זיסע טענער.
וואָס קען זיין פון מאַמע־לשון שענער?!
כ׳וועל צוריק זיך קערן אויפן פּלאַץ דעם זעלבן.
דאָ איז נאָענט, ליב מיר
יעדער קלאַנג און שוועלבל.
איר׳ט מיך גלייך דערזען,
זיך אויף מיין אַקסל זעצן.
טריי כ׳בין ביסקל סוף אייך, לידער,
איר כאָטש זאָלט מיך שעצן.

צפת, 1978

# אַ לוסטיק לעבעדיק געזינדל

אַ ווײַלטאָג איז צו זײַן מיט זיך אַליין,
זיך מאַכן אַלע פּענטעס, שלײַפן לויזער.
אַליין איז די נשמה ריין,
זיך דורכצושמועסן מיט זיך
און מוסר'ן מיט ליבשאַפט און געבייזער,
ווי אַ קעצל און אַ הינטל.
אַ פּאַטש זיך געבן איבער האַנט:
פע, נישט שיין...
אָדער זיך ווי אַ שקאָץ
אין בעקל טאָן אַ קניפּ.
אַ לוסטיק־לעבעדיק געזינדל —
איך מיט זיך און כ'האָב עס ליב.
ווער רעדט נאָך, אַז ס'קומט צו פון דעם
אַ לידער־בינטל.



אין מײַן לשון שיינקייט איז פאַרבאָרגן
אָן אַ שיעור —
ווי פאָזעמקעס אין באָר!
יעדן כ'טראָג אַנטקעגן
מײַן גוטמאָרגן,
שענקט מען מיר
פון האַרצן — אַ גוט־יאָר.
האָב איך ניט דעריבער
וואָס צו זאָרגן,
מיט מײַן לשון
כ'בין פון גאָט אַ פּאָר!
גאָרנישט כ'דאַרף ניט בעטן
און ניט באָרגן,
כ'קריג פאַר אַ גוטמאָרגן —
אַ גוט־יאָר!

## קערנדלעך...

ניט באַוויזן אים צו זאָגן כ'האָב
דעם עיקר, עצם,
ווי אַזוי איך אַכט אים, שעץ אים,
איז ער ראַפּטאָם אַוועק פון דער וועלט...
זיך שפּילנדיק דער טויט אונדז,
ווי די קערנדלעך פון אַן עפּל
שנעלט...

נאָר זאָלן די קערנדלעך פליען
און פאַלן אין דער ערד אין דער ווייכער,
וועלן אויסוואַקסן יונגע עפּל־ביימער,
זיך צעבליען,
וועט דאָס זיין פון אונדז דער זכר...



עס זאָל מיין לשון ניט פאַרפאַלן גיין,
אין אָוונט כ'הייב מיין קאָפּ צו דער לבנה
או ווען די לופט אין וואַלד איז שטיל און ריין,
די לידער מיינע כ'שיק, ווי עלעקטראָנען,
צו הימל־ווייט, ווו ס'האָבן קאָסמאָס־שיפן
אַ שליאַך אַן אייביקן זיך דורכגעשלאָגן.
מיט זיי צוזאַמען שוועבן זאָל מיין שפּראַך,
וועט, אפשר, דאָ מיין האַרץ אַזוי ניט נאָגן...

מינסק, 1965

## איינעם אַ פּאָעט

ווער אַ קאַפּל היימלעכער,
חנ׳ווּדיקער, העלער!
וואַרף אַוועק אין כּף הקל
דעם אַלטן בריוונשטעלער.

פּילפּונקטן און פּילפּונקטן,
צי ניט די עצומות,
פּשוטע, געוויינלעכע
פּונקטן שטעל און קאָמעס.

לאָז צורו די פראַגע־צייכנס,
קלאָץ און ווידער קשיה.
ס׳ווערט שוין ביי דיר תּרגום־לשון
אונקולוס און רש״י.

ווידער „גענדז״ און קלאַמערן,
„סנאָסקעס״ * און פּרושים.
זיי ווי קאַטיע מאָלאָדיצע
וועל איך דיך צעקושן.

ווער אַ קאַפּל היימלעכער,
חנ׳עווּדיקער, העלער!
וואַרף אַוועק אין כּף הכל
דעם אַלטן בריוונשטעלער.

מינסק. 1964

---

* סנאָסקעס — רוסיש. אויף יידיש — פוסנאָטעס.



געשטאָרבן איז דער גוטער ליבער זיידע
און כאָטש ס'איז דורך שוין אַ חדשים פיר,
נאָר ס'בענקט דאָס אייניקל, ס'עלפיאָריק מיידל,
זי קומט פון שול, ער עפנט ניט די טיר
און זאָגט ניט: „אוי, אַ געשמאַקער מיטיק,
איין רגע'לע, איך וואַרעם דיר אים אָן"...
און מאָדנע, ווי געטאָן זי האָט אַ ציטער,
אַריינגעבראַכט עס האָט דער פּאָטשטאַליאָן
דעם יידישן זשורנאַל. אין האַנט זי נעמט אים
מיט צערטלעכקייט, די בלעטער גיט אַ מיש...
ניטאָ דער זיידעניו... דאָס האַרץ פּאַרקלעמט איר,
זי טראָגט דעם בוך צום זיידנס קליינעם טיש...

מינסק, 1962

## אין פינטל אַריין

איך האָב ליב, ווען דו זאָגסט מיר,
ווי מנחם־מענדלס שוויגער,
אין פינטל אַריין:
„אַ מילכל אין קאָפּ האָסטו,
נאָר קיין פריש לעבל ברויט אויפן טיש
וועט פון אים, וועלדיק איך פאַרשטיי,
ניט זיין..."

## אַלטער באַרד

איך מוז דאָס אַלטער באַרד און טרובאַדור,
לויט דיין קאַפּריז,
מיין לידער־פור
שפּאַנען נאָר מיט פיר פערד נאַשפּיץ
און אונטערשערן זיי די הריוועס
מיט איין און זעלביקער פריזור ?
און סטענגעס איינפלעכטן
פון זעלביקן קאָליר ?
און גלעקלעך אָנהענגען
פיר מאָל פיר,
צום סמיטשיק, ווי ביי דיר ? —
אַלטער באַרד,
ניט זיי אַזוי פאַרנאַרישט,
איינגעשפּאַרט...



צווישן קלוגשאַפט און נאַרישקייט —
שווער און געפערלעך צו גיין,
ווי איבער מיט מינעס אַ פעלד...
איין
טראָט
ניט
אַזוי
ס'טו געשטעלט
און שוין —
ביסט אַ פאַרטיקע לעמעשקע...



אַ, שוטה בן־פּיקהאָלץ,
צי פּיקהאָלץ בן־שוטה,
דו גלויבסט מיר, צי ניט ? —
אָט דאָס, וואָס דו טראַכסט
צווישן איין ליד און צווייטער, —
אָט דאָס איז דיין ליד.

## טענהס־מענהס...

בעת יונגערהייט אַריינכאַפּן זיך פלעגט אין פערזן מיינע
אַ גרייז, אַ דרוקפעלער,
איז ווער געווען דער ״סטרעלאָטשניק״ — דער
איבערשטעלער

צו וועמען האָבן טענהס,
אויב נישט צום בחור־הזעצער.
ער שטעלט מיר אין די שורות קלעצער, —
פלעג איך קאָכן זיך...
נאָר יענץ — אָ בחורל, אַצינד שוין ברוך־השם —
אַן עלטער־זיידע
און זעט נישט שאַרף דאָס „קנאַפּעלע״ אין גימל,
דאָס קאַפּעלע איבערן פּיי.
און אונטערשיידט נישט, ליידער,
דעם שלאָסמם פונעם סמך
און איך אַליין
טרעף אויך שוין מיטן פינגער גלייך אין הימל,
פאַרבלאָנדזשע אין די גראַמען..
איז טאַקע ווינד און וויי,
צו וועמען האָבן טענהס־מענהס —
אָפּגעשלאָגענע הושענאס...



איך פאַל ביי זיך ניט אַראָפּ אין מיין ליד
לגבי די גרויסע ליטעראַטורן.
אַ מינדסטער שטערנדל זיך צעשיט —
זעט די ערד זיינע ליכטיקע שפּורן.
איז צו טרויערן גאָרנישט כדאי:
איך שרייב פאַר צוויי חשובע לעזערנס מיינע —
מיין ווייב הינדע
און מיין שוועגערן ברײַנע;
אָ, עד בלי די!

1966. מינסק



אַ יידענע אַ גאָלדיק־בלאָנדע
אין קורצער מאָדישער ראָטאָנדע,
איר פּופּציקער שוין לאַנג געביטן...
עס קאָן דער שימערירנדיקער שיכט
פון גרים און שמינקע ניט פאַרגלעטן און פאַרשיטן
די נעץ פון קנייטשן אויף איר בלייך געזיכט.
און ביילקען שפּילט זי
(טוביהס טאָכטער די מיזינקע,
בלוט און מילך און ווי אַ סאָסנע שלאַנק).
אין יעדער קער איר קלאָמפּערשט פלינקן,
אין די סוטולע אַלטע פּלייצעס,
כ'האָב דערזען דעם אונטערגאַנג
פון יידישן טעאַטער (די צעקלאַפּטע קאַטערינקע),
וואָס שלעפּט זיך אום איבער דער רוסישער מדינה,
אויף ברעטער פון עסטראַדע־בינע.



צום פינטל שטעל איך צו
נאָך פינטעלעך אַ פּאָר,
דער לייענער קנייטשן זאָל דעם
שטערן,
מיין־טראַכט דיר, וואָס איך מיין־
באַקלערן...
בעת איך האָב גאָר
סתם אין דער וועלט,
אויס שקאָצערייַ
געשטעלט
די פינטעלעך די דריי.

## דער דאַכט זיך...

דער שטענדיקער
,,דאַכט זיך,
אַז ביי יענעם לויכט זיך, לאַכט זיך'',
האָט אַזוי פאַרענדערט אים:
זיינע ווילע זשוואַווע קונדס־אויגן —
מרה־שחורה האָט פאַרצויגן,
פון דעם ליבן שמייכל
אויף די גראָבע ליפּן —
איז קיין פּיצל סימן ניט געבליבן,
אויף די שטריכן —
צאָרן אויסגעגאָסן
און דאָס מויל מיט רוגזה
צוגעשלאָסן,
די נשמה שטאַרק צעביטערט
און פאַרגאַלט.
גוואַלד,
צו וואָס אים האָט געבראַכט
דער דאַכט זיך,
אַז ביי יענעם לויכט זיך, לאַכט זיך...



די גאָלדענע פישעלעך — אַלע צעלאָפּן,
און גיי שיט זיי אָן אויף די עקעלעך זאַלץ.
נאָר איך אויף צו להכעיס, איך זיץ מיר נאָך אַלץ
ביז פינצטער ביים טייכל און גענעץ פאַרשלאָפן.
דאָס לעצטע שוין ווערעמל כ'האַלט אויף דער דלאָניע.
עס אָנטאָן אויף אייזערנעם האַטשיק איך וויל.
איך טו עס צו לאַנגזאַם, דערעסן די שפּיל,
ניט כאַפּן איך ווער עס, דאָס פישל אַ פּנים.
דערביי שטייט אַ פולער מיט וואַסער, מיין עמער,
זיך הוידעט אין עמער לבניקע שיין,
מיר דוכט עמעץ רוימט מיר אין אויער אַריין:
— דו בסט ניט קיין געבער, ניט זיי אויך קיין נעמער.
די גאָלדענע פישעלעך — אַלע צעלאָפּן,
און גיי שיט זיי אָן אויף די עקעלעך זאַלץ...
נאָר אויף צו להכעיס, איך זיץ מיר נאָך אַלץ
ביז פינצטער ביים טייכל און גענעץ פאַרשלאָפן.

1965

# די מוזיק פון די בולן...

פאַר מ. אייזענבוד

ווען איך קום אַריין
אויף דער פאָסט
צו לייגן אויף מיין בריוול קיין רוסלאַנד
אַ בול *
דערמאָן איך זיך צעטראָגן
דעם סברישן ווּס־ווּס
און וויאַזוי מענדעלע פלעגט אויף זיין וואָגן
זיך צוכאַפּן פאַר צרות
צום פלעשל — בול־בול־בול **...
אוי, קאַפּוליע און אור יהודה —
ביידע מיינע ליבע און האַרציקע גבולן,
ווי זיס און טשיקאַווע מיר קלינגט די מוזיק
פון די בולן...

* בול — באַטייט אויף עברית — אַ פאָסט־מאַרקע.
** בול־בול־בול — פון פישקע דער קרומער—מענדעלע מוכר ספרים.

*

מײַן מאַמע־לשון,
מײַן װינטשפּינגערל
איך פּוץ עס און שײַער
ס׳זאָל שײַנען און קלינגען
און בליצן מיט פֿײַער.



עס האָט דערפֿאַר בײַם ים דער פּראָסטער שטײן
אַ שלל מיט שײַנקײַט, שפּילעװדיקן חן
און שײַנט מיט אַלע זיבן זון־קאָלירן —
אים הערט ניט אויף די כװאַליע צו פּאָלירן.

## מיט נאָך מער פֿרישקייט...

פּופּציק יאָר,
זינט ס׳איז דערשינען
מײַן ערשט ביכל לידער
מיטן נאָמען —
„װי דאָס לעבן טײַער".
אַצינד, װען אין מײַן לעמפּל
שטיקט זיך שוין דאָס פֿײַער
און פֿאַר די אויגן עפּטער
שװינדלען נעמט און גרינען —
מיט נאָך מער פֿרישקײַט
איך חזר איבער —
דאָס לעבן װערט מיר
טײַערער און ליבער!

1980 י. — אור יהודה

# אין קאַפּוליע

## על־פּי־נס...

מיט הירשעלען שוועץ אין אַ ליכטיקן יולי
שפּאַצירן מיר איבער די געסלעך קאַפּוליער.
צו מענדעלען האָבן אַ נאָענטן שייכות
די בערגלעך די גרינע, דער טאָל און דאָס טייכל,
די זון, וואָס זי שיינט פון דער פוטער־פּאַס אירער,
די פייגלען, וואָס זינגען דעם זיידעניוס זמירות;
פון ווייטן אַ בילד שיינע לויכט פּאַנאָראַמע —
ווייסרוסישע פעלדער אין העל גרינעם סאַמעט,
ווו הרעטשקע זיך שפּרענקלט...און ווייץ, קוקורוזעס...
עס טאָרטשעט ביים פּאַסטעך אַ ריטל פון בוזעם,
די טשערעדע שטיל און געלאַסן זיך פּאַשעט,
און ענטעלעך פריילעך אין טייכל זיך וואַשן.
אָט דאָ אַראָפּ באַרג — כ׳הער נישט אויפעט צו קוקן —
מיר דאַכט, אַז איך זע, מיטן הינטעלע זשוקל
זיך שפּילט שלום־יאַנקעלע זומער־באַגינען.
דערביי שטייט דאָס שייגעצל מיטקא... ס׳אַנטרינען
די יאָרן... ווי וואָלקנס זיי שוועבן און שוועבן...
דאָס זעלביקע בערגל און טייכל דערנעבן.
אין טאָל, ווי אַמאָל קליינע געסעלעך שמאָלע.
איך קוק אַ פאַרגאַפטער אַזוי ווי אין חלום.
דער קריג האָט קאַפּוליע פאַרטיליקט, צעריבן.
נאָר גאַנץ על־פּי נס אויפן בערגל ז׳געבליבן
ס׳געביי פון צעניאָריקער שול, וואָס געטראָגן
האָט מענדעלעס נאָמען...

———————————————

און הירשעלע שוועץ איז מיין פריינד און באַגלייטער.
ער לעבט אין קאַפּוליע. איך הער אים מיט ווייטיק:
— די שול איז דער איינציקער אָנדענק פון זיידן
און איך בין איר איינציק־געבליבענער שילער...

— — — — — — — — — — — — — — — —

ס'פּאַרגייט שוין די זון... אויף די געסלעך ווערט
שטילער.
איז מויערלעך נייע צעפינקלען זיך שויבן.
צוריק באַרג־אַרויף שוין מיר שפּאַנען. דאָ, אויבן,
אויף בערגלעך, אַנטקעגן די פלאַמיקע שקיעה
דאָס חיות פון האַרצן נעמט נאָגנדיק ציען...
אַ וואָלקן אַ ווייסער מיט בראַנד אַ באַזוימטער
דער שקיעה אַ טרויעריק מעשהלע רוימט ער.
ס'דערמאָנט מיר דער וואָלקן די ווייסקייט
די קלאָרע —
די באָרד אונדזער זיידנס,
בערעזעווע קאָרע.
נאָר ס'טריפן פון לויטערער ווייסקייט אַראָפּעט
פריש־בלוטיקע טראָפּנס אַ טראָפּן נאָך טראָפּן...
און הירשעלע שוועץ ווי פון חלום מיך מינטערט:
— נישט טראַכטן קיין סך איז, אַפּנים, געזינטער —
און פירט צום קאַפּוליער מיך צו קינאָ־טעאַטער,
וווּ ער איז דירעקטאָר. איך פיל מיך פאַרמאַטערט.
כ'באַדאַנק אים און דריק אים זיין האַנט, וואָס איז
וואַרים.
— גריסט סאָניען, די קינדערלעך גריסט — און איך
שאַר מיר
אַוועק צום האָטעל צום קאַפּוליער פּאַוואָליע.
איך פריי מיך מיט הירשעלעס ליכטיקער דאָליע,
צוויי יינגלעך, צוויי מיידלעך... „כמעט אַ מטופל" —
אַ שפּאַס גיב איך אין זיך, און היימלעכער כ'טופּע,
און פעסטער און ברייטער איך שפּאַן מיט מיין קוליע.
געבענטשט זיי מיט מענדעלעס נאָמען, קאַפּוליע!

— — — — — — — — — — — — — — — —

# דער וואַלד־זינגער זיסער...

עס גיינט שוין און ס'ציט מיך שוין ווידער מסוכן
דאָס שטעטעלע פרי פונדאַסניי צו באַקוקן.
מיר דאַכט דורך אַ שויב ווערט אַ בליק טאָן מיין
מאַמע...
און ווידער אין שלייף זיך דער דופק צעהאַמערט,
זיך צינדן מיט שנאה און גרויל די געבליטן.
דעם זעץ פון דער קויל, וואָס מיין קינד האָט פאַרשניטן
דערפיל איך...

און ס'ציט צו קאַפּוליע, צום זיידן...
דער צווייטער פון שטעטל קאַפּוליעס אַ ייד —
איז דאָ סאָלאָווייטשיק. אַ גרייז־גרויער זקן.
זיין פּנים איז ווי געשטופּלט פון פּאָקן,
נאָר האָפּערדיק־לוסטיק, און זשוואַוו נאָך עד־היום.
ער זאָגט, אַז ער קען מיך: — „גוט־יאָר, חבר חיים!
ס'איז ליפע מיין נאָמען. דאָ, פאַר דער מלחמה —
ס'האָט הירשעלע שוועץ שוין דערציילט אייך
מסתמא —
געוווען אין דער ביכער־קראָם כ'בין אַ פאַרקויפער.
דערזע איך אַ בוך, כ'ווער פאַרצאַפּלט פון אייפער.
מכל־שכן אַ יידישן בוך. אוי, אַדכייען
וואָלט איצט מיין נשמה מיר „שלמה ר' חיימס".
ס'איז מענדעלעס שיינדל, זיין שענסטער אַנטיקל —
קאַפּוליע, איר יעטוועדן שטיבל און בריקל
באַשריבן. קאַפּצאַנסק אויסגעטאָקט מיט די ביינער,
מיט אַלינקע פאַרבן, קאַלירן און חנען..." —
— און זייט איר, רב ליפע, פון מענדעלעס בראַנזשע?
מיט פּרטים פון מענדעלעס היים מיך באַקאַנט זשע.
איר קומט נאָך אַרויס, מן הסתם, פון חזנים —
און טרעפּלעכע גאָלדענע שטעלן כ'דערמאָן אים,
און ווערטער, ווי שפּירעט אין האַרץ זיך צעגיסן:
„נישט דער סאָלאָווייטשיק, דער וואַלד־זינגער זיסער,
...דעם אידנס סאָלאָווייטשיק איז גאָר דער
בעל־תפילה..." —
צעשמייכלט זיך ליפע — ס'איז שוין קיין חילוק...

אַ מענטש איז בטבע גוטהאַרציק און ליכטיק.
ס'האָט ליפּע אַליין מיר דערציילט זיין געשיכטע
אין שני־שלושה דברים: „אַהיים אומגעקערט זיך
צו אַש און צו קברים. געוווען אים באַשערט איז
צו טרעפן אַ מענטשן אַ ליבן אַן גאַל־גאַר.
נאָך דעם, ווי ער האָט אין דער פרעמד זיך געוואַלגערט,
האָט זי אים דאָס העמד זיינס געוואַשן, געלאַטעט.
אַליין אַן אלמנה מיט קינדער. אין כאַטע
צו איר זיך אָן שהיות אַריבערגעקליבן..."

---

דאָס הויזגעזינד איז ביי דעם יידן דאָס לעבן.
ווי מענדעלע זאָגט, אונטער פּעקעליק נעבן
דער ווייב און די קינדער דער ייד, ווי אַ האָן איז.
נו, אָן אַ משפּחה, נו, וואָס וואָלט ער טאָן איצט?...

---

פון טאָל באַרג־אַרויפצו באַגלייט מיך היינט ליפּע.
אַ קלוגעטשעקער אַלטער. כאָטש קוים וואָס ער
זשיפּעט.
און אויבן אין סעדל מיר רוען אָפּ ביידע.
— נישט ווייט דאָ ז'געשטאַנען דאָס הויז, וווּ דער
זיידע
דער קינסטלער־פּקח ז'געבוירן געוואָרן,
וווּ ער האָט פאַרבראַכט זיינע קינדערשע יאָרן —
באַוויזט סאָלאָווייטשיק.
כ'ווער פול מיט נחמה.
געבענטשט זיי, קאַפּוליע, מיט מענדעלעס נאָמען!

## דער שמיד דער קאַפּוליער

אַ מענגע מיט גענג נאָך, אַ שלל מיט נסיעות,
נאָר כ'מוז אינעם דערפל סקאָבין זיין אַפריער —
נישט ווייט פון קאַפּוליע, אַ צוויי קילאָמעטער.
צום חשובן שמיד, צו אברהמען איך קלעטער...

דעם חיות, די פרישקייט פון זומער־פרימאָרגן
איך קאָן אין מיין האַרצן נישט צוימען, פאַרבאָרגן,
דעם לאַרך אינעם לויטערן הימל דעם בלויען
וואָלט איך מיינע טרוימען, מחשבות פאַרטרויען...
איך הער שוין פון קוזניע דאָס דזינקען און קלאַפּן.
ס'ווערט היימלעכער, ס'וועט מיך דער טייוול נישט
כאַפּן...

---

איך האָב זיך געזעצט אויף אַ ראָד קעגן האָרן,
געקוקט אויפן שמיד. אַן עלעקטראָ־מאָטאָר אים
די קוילן צעגליט און צעבלאָזט אים דעם פייער.
אברהם האָט אין פלאַם אַ „סטרעמיאנקע" געשיירט,
פון זשאַר זי פון גאָלדיקן אַרויסגעצויגן
און אויף דער קאָוואַדלע מיט האַמער געבויגן.
אַ שווייגער אברהם איז, מיט זיכערקייט שטרענגער
ער דרייט די „סטרעמיאנקע" מיט לאַנגער אָפּצווענגע.
אַ מאָסט מיטן בליק און אַ קלאַפּ מיטן האַמער;
פאַרקיילעכט, באַקוועמער זאָל זיין און געראַמער
דאָס אייזערנע לייטערל פאַר דער יטריאָכטאָנקע". *)
— אברהם מויסייאיטש, ראַבאָטאַיעש טאָנקאָ — **)
באַדאַנקט אים דער שאָפער. —
עס וואַרט שוין אַ צווייטער:
אַ פּאָר צענדליק טשוועקעס מיט שליאַפּקעס מיט
ברייטע...
אַן ווערטער, אָן פראַגעס, די אַנדער באַשטעלונג
דער סיוועד און אַלטער אברהם מאַכט פּאַמעלעך
און רואיק, מיט ליבשאַפט. קיין שעה נישט
געדויערט —
אַ קופּקעלע טשוועקעס, ווי שוואָמען דעם פויער
דערלאַנגט שוין דער שמיד. ס'ברענגט אַ טאָקער
אַ יונגער
אַ טעמפּן „רעזעץ". און אויפסניי זיך צעקלונגען
עס האָט ביי דעם ייד אונטער האַנט די קאָוואַדלע.

---

*) אַ לאַסט־אויטאָ, וואָס פירט דריי טאָן.

**) אברהם בן משה, דו אַרבעטסט פיין.

און פאַרטיק די דריטע באַשטעלונג שוין באַלד איז.
אַט קומען אַריין טראַקטאַריסטן און שלאָסערס.
עס טראָגט אַ קאַלווירטניק אַ בינטל מיט קאַסעס.
אַ פרייד טוט אַ פינקל ביים שמיד אין שוואַרצאַפּל...
— מיר וועלן אין אָוונט אַ שמועס טאָן אַ קאַפּל, —
גיט היימיש אַ ווונק מיר אברהם. זאָג איך — כ'לעבן,
מע גייט דאָך צו אייך, ממש, ווי צו אַ רבין...
— אַ מייכעלע, — ענטפערט דער שמיד, — ביי דעם הארן,
ווי לאַשיקלעך לויפן די טעג און די יאָרן...
דאָס זיבן־און־פופציקסטע יאָר כ'שטיי ביים פייער...

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַט דאָ דורכן וואַלד צו גיין, זיך אַדכייעט
פון פרישקייט דאָס האַרץ. אַט אַהער מיטן שטעגל
אַ מייכעלע, קומט, איר פאַרשפּאָרט גאָר צו פרעגן.
מיך פירט דורכן יעלניק דער שמיד נאָך דער אַרבעט.
די שקיעה באַשיינט אויף דיביימער די קאַרבן,
די זילבערנע פּאַסמע אברהמס מאַכט זי העלער.
— פּאַמעלעכקע, איילט נישט, אַט ווייזן אייך וועל איך —
דער וועג דורכן וועלדל איז קירצער און גלאַטער.
אַט נאָך אַ פּאָר טריט און מע זעט שוין די כאַטעס. —

— — — — — — — — — — — — — — — —

... ביי מיר אין זכרון מחשבות זיך שרויפן...
ס'איז אייזיק דער קאָוואַל — צו וועמען ס'פלעגט לויפן
פון חדר צעכראַסטעט דורך רינוועס און גריבער
דאָס קינד פון מיין פאָלק, אונדזער מענדעלע ליבער...

— — — — — — — — — — — — — — — —

ביים גאַניק די קו שטייט. פאַרצויגן מיט אומעט
די אויגן... „פון פעלד דאַרף מיין איטקע באַלד קומען", —
אַ זאָג גיט דער שמיד. ברענגט צוטראָגן אַן עמער
מיט קרעניצע־וואַסער: „איר דאַרפט זיך ניט שעמען —

ר׳גיסט אויף מיר צופרידן אַ קווערטל נאָך אַ קווערטל—
אַ מייכעלע...״

דאָס איז זיין טייערסטער ווערטל.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

„איך טו עס צוליב אים, מיין עקשן אברהמען,
חלילה־וחס נישט פאַרפלעקן זיין נאָמען.
מיט פויערטעס יונגע געיעט כ׳האָב קאַרטאָפּל״, —
שרייט איטקע. — אַוראָמצע, מיר קומט אַ הוספה,
אַ פּרעמיע, געזאָגט האָט פּראָקאָפּיעווע טאַניע:
„זעט, איטקע, אַן אַלטע און טוט מיט סטאַראַניע״.
וואָס שווייגסטו, אַוראָמצע? — נישט אָכצע, נישט קרעכצע,
דעם לעצטן טאָג סוכות מיר ווערט דאָך שיון זעכציק״.
אַ דאַרלעכע ווייבל מיט אויגן מיט קאַרע.
עס גייט אַזש פון טעלער מיט בולבע אַ פּאַרע.
— מיט סמעטינקע קאַלטער, מיט פּוטער, מיט טוואָרע,
עסט, עסט, האָט הנאה, ס׳איז דאָ, קיין עין־הרע.
טרינק נאָך אַ גלאָז מילך אויס, אַוראָמצע, וואָס טראַכטסטו?
אַ טאָג מיטן האַמער געקלאַפּט. ס׳איז פאַרנאַכט שוין.
ר׳איז טויבלעך אַ ביסל, דערפאַר מוז איך שרייען —
אַוראָמצע האַלט אָפן דאָס מויל, ווי אַ שלייען...

## מענדעלע־לעבן

כ׳דערמאָן מיר... דער ווינט רייסט און פליקט מיינע פּאָלעס
פון נאַסן שינעל. אוי, וואָס מענטשן־גורלות
ווי פלאַטערלעך זיינען צעשרפּעט געוואָרן...
ס׳איז שטיל אינעם פינצטערן ברונעם פון יאָרן,
פון פיינפולע יאָרן... מיט אָפענע אויגן
כ׳ליג אויף דער קושעטקע... מיין שלאָף איז פאַרפלויגן
פון דערפל סקאָבין אַזש צו וואָלגע, קאַמישין...

דאָס פּנים אברהמס אויפן ראַנד פונעם קישן
איז ווייסער פון קרייד. ס׳הענגט זיין דלאָניע זיין שווערע
אַראָפּ פון געלעגער... איך הער נישט אויף קלערן
פון שמיד. האָרעוואַניע זיין טרייסט און זיין אָנהאַלט.
איך וועל זיין געשיכטע פאַרגעסן נישט קאָנען:
„צוויי טעג זיינען דורך זינט דער קריג ז׳אויסגעבראָכן.
ביים שליאַך כ׳האָב אַ פרעג געטאָן דאַן ביי מיין שכן—
„זאָגט, מנשה, וואָס וואַרט איר? מע טאָר דאָ נישט בלייבן..."
איך פיל, אַז איך עק מיך, מיין זון און מיין ווייבל
זיך ערגעץ פאַרשטעקט וווּ. איך בייס זיך די פינגער...
„אָ, זאָגט זשע, מנשה, ניט געזען מיין יינגל?"
איך האַלט אויף די אַקסלען פאַרבונדן די שטיוול...
כ׳שטיי באָרוועס. נישטאָ זיי, כאָטש פּלאַץ, ווי בכיוון...
„האָרכט איין זיך, דאָס קלאַפּט שוין דעם דייטשס אַרטילעריע..."
כ׳האָב האַסטיקערהייט מיטן שליאַך זיך געלאָזן...
דעם ניעמאַן, דעם פריפּעט אַריבערגעשווומען.
טיף האַרבסט מיט פאַרווונדיקטע פיס כ׳בין געקומען
קיין ליפּעצק. פון דאָרט מיטן באַן קיין סאַראַטאָוו.
און גלייך אין קאָלווירטישער קוזניע מיט פלאַטער
אין האַרצן ביים גליאיקן האָרן געשטעלט זיך.
מיין איטקע צו די פאַרטיזאַנער פון געטאָ
ז׳אַנטלאָפן באַנאַנד מיטן זון. דאָרט אַ קעכן
געוואָרן. אין שלאַכט האָט אַ שפּליטער צעלעכערט
די ברוסט פון מיין איינציקן יורש..."
באַגינען
פאַרלאָזט כ׳האָב די שטילע פאַר טויבן סקאָבינער
און טרויריק אַוועק כ׳בין צוריק קיין קאַפּוליע.
אוי, זיידעניו זיסער, צו דיר זיך איך טוליע...

— — — — — — — — — — — — — — — —

בייטאָג האָב איך ליפּען און הירשלען באַגעגנט.
נאָך איידער מיר האָבן זיך האַרציק צעזעגנט,
מיר זיינען אַוועק צו דעם וועלדל אין שאָטן,
ווו ס'איז אונדזער פֿאָלק אין די גריבער פֿאַרשאָטן,
אַ קוש כ'האָב די ערד די קאַפּוליער געגעבן,
דיין היימאַט, דיין לייבלעכע, מענדעלע־לעבן.

1964 י. קאַפּוליע, מינסקער געגנט

## לעצטער בליק

# אויף לייוויקס געבורטס־שטעטל

פאַרוואָס ציט מיך אַזוי אין טשערווען
(אַמאָליקער איהומען)
פונדאָסניי,
נישט ווייט פונעם קלאָר־זויבער טייכל
איהומינקע,
צוצוגיין אויף מאָליעווער געסל נומער דריי,
צום האַלב שוין חרובן יידישן שטיבל
מיט די אַלטיטשקע באַלקנדלעך קרומינקע,
קוים קוים, וואָס ס׳האַלט אין זיי זיך
די נשמה איין? —
אין אָט דעם שטיבל,
מיט די צוויי פּיצינקע חדרימלעך
איז געבוירן געוואָרן ה. לייוויק —
מיין העלע בלענדנדיקע שיין.
אין זיין משפחה —
טאַטע־מאַמע שאול און רייזל,
ברידער און שוועסטער:
ארל, בערל, מושל
כאשע און יאָכע.
און מיט די נאָך ברעקלעך קינדער —
הירשלקע און זלאַטקע,
האָט זיך אונטער די נידעריטשקע
סטעליטשקעס,
אין דער כמעט פּוירישער כאַטע,
מיין באַליבטער דיכטער אויפגעצויגן.
מיט פאַרכט און ציטער אין מיין האַרצן
איך זיץ אין דער קלייניטשקער און ענגער קיך
און וועגד נישט אָפּ די אויגן
פונעם גרויען זקן —
דעם איינגעזונקענעם רוסישן אויוון,
ביי וועלכן ס׳פּלעגט די טרייע מאַמע לייוויקס

אינאײנעם מיט איר פרײלעכער כאַליאַסטרע
טאָג און נאַכט זיך מיען —
באַקן קיכלעך, בײגל
אַלץ צו פאַרקויפן און ציען
די חיונה פון דערײן צו ביסלעך...

כ׳בעט בײ דער רויטער שקיעה־שײן
פון יוניקן טשערווענער הימל,
דאָס גינציק שטיבל
זאָל ווי אַ צויבער־מעשהלע
אויף די הינערשע פיסלעך,
אַ סך נאָך יאָרן שטײן
מיט טיפן טרויעריקן חן
אין זכות פונעם גרויסן ײדישן דיכטער — ה. לײוויק.

אין לײוויקס שטיבל לעבט אַצינד
אַן אַלטיטשקע פּאַרפאַלק,
מײן „טיאַזקע״, חיים דער שוסטער,
און זײן װײבל כאַשע,
אין אָוונט מיט מײן פרוי
אַהין מיר שפּאַנען בײדע הײנט.
זי טראָגט אַ שטרודל אַ באַשײדענעם,
בײ מיר אַ שטיקל צוקער אין מײן טאַש איז.
בײם עפענען די פאָרטקע
כ׳מוז געבן נאַשן עס
דעם שוואַרצן ״טוזיק״,
ער זאָל אַזוי נישט שפּרינגען פון דער הויט
לעם דער קאָנורע.
נאָר חיים אונדז אַנטקעגן גײט:
— איר שרעקט אײך נישט, אַ שטאַרקע קײט! —
און אויפן כלב נעמט ער שרײען,
אין בײדל אים פאַרטורעט.
די שוועל שוין רואיק טרעטן מיר אַריבער
און װידער איך באַדענק זײ
די חדרימלעך די ליבע.

איך װענד מיך צום באַלעבאָס און שמייכל:
איר האָט דאָך מיר געזאָגט נאָך יענע װאָך,
האָב איך אין מײַן זכרון דאָס פֿאַרצײכנט,
אַז דינסטיק װערט ביז הונדערט צװאַנציק יאָר
אײך פֿינף און זיבעציק,
בין איך געקומען מיט מײַן פֿרוי,
געזונט און אַלדאָס גוטס צו װינטשן אײך
און כאַשען.
איך מײן, מיר װעלן אײער שמחה נישט פֿאַרשטערן.

מיר זענען שױן דאָ אָנגעלײגטע געסט
און חיים טײלט מיט אונדז זיך
און דערצײלט:
— מײַן ערשטע װײַב, מאַריאַשע און זעקס קינדער
מײַנע —
חיה־ריװע, צביה און נחמה,
די דרײַ זין — װעלװל, שמואל, הערשל
אין טשערװען אַװעקגעהרגעט האָבן די פֿאַשיסטן.
געבליבן כ׳בין אַן קינד, אַן רינד,
מלחמה־צײַט אין קױבישעװ,
כ׳האָב אין אַ טײל אַ מיליטערישער געדינט... —
— און איך — פֿאַלט אין די רײד אַרײַן אים כאַשע —
האָב מיט די קינדער מײַנע זיך געראַטעװעט
און, גאָט צו דאַנקען, אַלע זײ שױן אױסגעגעבן
און האָב שױן גרױסע אײניקלעך...
װען איך בין נאָך געװעזן גאָר אַ קלײנינקע,
פֿלעג איך אַהער אין שטיבל לױפֿן
פֿרישע געשמאַקע בײגל קױפֿן;
געדענק איך, לײװיקס מאַמע, רײזל,
פֿלעגט תּמיד מיר אַן איבעריקן בײגל געבן...
די קינדער מײַנע
אױף דער אַנדער גאַס דאָ לעבן,
כ׳בין אָפּט בײַ זײ.
אַ מאַמע בין איך און אַ באָבע,
באַדאַרף מען העלפֿן דאָך במילא,

און חיים, ווען נישט ווען,
גייט זיצן ביי אַ שווערן חולה...
איז בלייבט די שטוב אַליין,
מ׳שטיינס געזאָגט.
איר זעט אונדזער עשירות,
אַן שלעסער און אָן טירן,
נאָר אַלץ צוליבן גאָרטן,
פאָרט איז — אַ „פּאַמאָשטש״ —
צוביידע אונדזערע פּענסיעס.
דעריבער שוין פון ווערסנע אָן
מיר האַלטן אָט דעם שוואַרצן בילער.
געווען צוערשט אַ הינטעלע אַ שטילער...
און חיים,
ווי דורך ניסים און נפלאות
טראָגט אומבאַמערקט פון אלקערל אַריין
צוויי ביכער יידישע —
שעכטמאַנס „ערב״
און מענדעלעס „מסאות״
און קוקט אויף מיר,
גלייך ער וואָלט מיר זיי אָנגעבאָטן.
כ׳בלייב שטיין פאַראומערט
און פאַרשאָטנט,
און ס׳לויפט מיר דורך אַ רעיון —
מסתמא,
געירשנט נאָך יציאת נשמה...
אַ דאַנק אייך, חיים, —
אַ מורמל גיב איך צו מיין „טיאָזקע״ —
כ׳האָב אינדערהיים אַזעלכע ביכער אייגענע,
איר היט זיי,
גאָלדענע צוויי ביכער.
נאָך חיים, דער אַלטער שוסטער,
אַ ביסל אין פאַרלעגנהייט,
ער שלעפּט פון טאַש עפּעס אַרויס
אַ קליינס, אַ שיינס

און זאָגט מיר מיט אַ שמייכלענדיקן ווינקעלע:
— אַזעלכעס אָבער האָט איר נישט,
כ׳בין זיכער.
דערזען ביי אים אין האַנט כ׳האָב
אַן אַלטפרענקישן, אַן עסטרייכישן סידורל
מיט לעדערנע גלאַנצנדיקע טאָוועלעך —
אַ פראַנץ־יאָזעף סידור...
איך שטיי אַ מידער שוין
און צייט זיך זעגענען,
איך און מיין פרוי ווינטשן ווידער
דעם אַלטיטשקן פֿאַרפֿאָלק
נאָך לאַנגע יאָרן לעבן און געזונט.
די שוועל פֿאַרלאָזן מיר,
לייוויקס שוועל...
און ס׳האַווקעט שוין אויף אונדז
דער שוואַרצער הונט, דער רוצח "טוזיק".

— — — — — — — — — — — — — — — —

איך גיי אָפּ אַ פּאָר טריט
און דריי זיך אויס
אַ לעצטן מאָל אַ בליק צו טאָן
מיט טרויעריקן געמיט
אויף ה. לייוויקס געבוירן־הויז.
קיין מינדסטער סימן נישט,
קיין אָנדענק־ברעט,
אַז וועמען גייט דאָ אָן
אַ יידיעשר פּאָעט...

טשערווען, יאָר 1971

## ערשטער אומרו...

א

מיין היים איז אַ גרויע,
ווי דער הימל דער גרויער.
מיין היים האָט אַ הויפל
און דאָס הויפל אַ טויער.
און דער טויער איז נידעריק,
בין איך אויכעט ניט הויך.
וואָס קאַפּעט דער רעגן,
וואָס מישט ער זיך אויך?! —
אַזוי, צי אַזוי,
נאָר איך וועל באַלד אַליין
אַוועקגיין, אַנטלויפן,
פאַרלאָזן מיין היים...

ב

ביי דעם טירעלע פון פרייד
בין איך שטיין געבליבן
און דאָס שוועלכעלע פון גליק
נאָך ניט אַריבער;
צוגעשפּאַרט האָב איך זיך נאָר
צו אַ מאַנץ שפּאַרונקע
און מיט אויגן מיינע דאָרט
איינגעזונקען...

ג

עפּעס בענקט זיך,
עפּעס בענקט זיך,
עפּעס אומרואיקער
בענקט זיך מיר.
זינג איך שטילער
מיט אַן אומעט,
זינג איך שטילער
היינט מיין שיר.
עפּעס בענקט זיך,
וואָס געוואָרן
און געוואָרן איז מיר זעכצן,
זעכצן איז מיר היינט געוואָרן יאָר.
עפּעס בענקט זיך
עפּעס בענקט זיך,
כ'האָב דערזען זיך היינט אין שפּיגל —
שוין מיט וואָנצעס,
אוי, מיט וואָנצעס,
ס'זיינען וואָנצעס אויסגעשפּראָצן
פון אַ הייפל האָר.

ד

שווער סאָפּען הייזער מיט אָפענע מיילער,
מיט אָפענעם שנאָבל קוקט דורשטיק אַ טויב.
עס זיפּט אָן אַן אויפהער די זון איבער געסלעך
פול־פולע זיפּן מיט פלאַמיקן שטויב.
נאָר קינדער אין לייבלעך מיט שמוציקע צורקעס
אין מיטן צעטריקנטן הויף
טונקען אָן אויפהער די דינינקע שטרויעלעך
אין שיסעלעך וואַסער מיט זייף.

ה

ס'האָט אַ וואָלקנדל געבלאָנדזשעט
מיט אַ בערדעלע אַ ווייס
איבער הימלדיקער בלויקייט,
ווי אַ ציגעלע אין פעלד.
האָט אַ ציג — אַן אַלטע מאַמע,
דאָס דערזען און ניט פאַרשטאַנען
און האָט לאַפּקעלעך צום הימל,
ווי צום קריכן שוין געשטעלט.

ו

## ניי־יאָר ליד

איין לעצטע נאַכט,
איין כמורנע נאַכט
און ס'זעגנט זיך אַ יאָר.
אַן אַלטער בענקט,
אַ יונגער לאַכט,
איין לעצטע נאַכט
פאַרמאָגט דער יאָר.
ס'האָט אַלטער יאָר
זיין הויפן טעג
צעווייעט איבער ווינט.
אַן אַלטע קראָ
אין טיף פון נאַכט
געפּיקט דעם שניי האָט בלינד...
ווען זייגער האָט
דערמאָנט דער שטאָט,
אַז ס'איז שוין האַלבע נאַכט,
דאַן האָט אין גאַס
אַ יונגע פּאָר
געטראָטן שוועל
פון נייעם יאָר
און לאַנג געלאַכט, געלאַכט.

ז

ווי אַ קינד, ווען טאַטע־מאַמע פרעגן אים:
— נו, ווער איז שענער, דער טאַטע אָדער די מאַמע? —
בלייבט שטיין אַ מאָל צום ערשטן אין פאַרלעגנהייט
און ווייסט ניט ווו און ווי אַ טראָט אַ שטעל טאָן,
אַזוי איך אויך מיט אויגן תמ׳עוואַט־צעשטרייטע,
שטיי איצטער מיין אומעט און מיין פרייד אַנטקעגן
און פאַר ליבשאַפט אויפן האַלדז זיי בין איך
גרייט איצט
אַנהענגען זיך ביידן.

ח

באַגלייך מיט די קאַצאַפּעס
די ברייטאַקסלדיקע די געזונטע
מיינע פלייצעס
שטעל איך אונטער
אונטער זעק די פינעפּפּודיקע מיט ווייצנס.
שוין אַלע זיבן שווייסן פון מיין לייב אַרויסגעשלאָגן
שוין שווינדלט אַ חלוש׳עסדיקע מידקייט אין די אויגן,
נאָר בעסער בלייבן אונטער זעקל אויסגעצויגן,
איידער ניט באַגלייך מיט זיי דערטראָגן.
באַגלייך מיט די קאַצאַפּעס
די ברייטאַקסלדיקע די געזונטע
מיינע פלייצעס
שטעל איך אונטער
אונטער זעק די פינעפּפּודיקע מיט ווייצנס.

ט

## די טרוימען...

באַדאַרף מען נאָך שלעפּן
די טרוימען אַהערצו, —
אָט דעם אַלטן, דעם פּוסטן,
דעם ליידיקן מערצאָל,
אַז ווי מיט האַרבסטיקע בלעטער
די גערטנער מיינע,
איז דאָס לעבן איצט זעטיק
מיט פריידן און פּיינען,
אַז ווו נאָר דו שטעלסט זיך,
איז ווערסטו פאַרכליניעט
מיט כוואַליעס פון ליבע
און כוואַליעס פון שנאה...

י

די זון איז צערונען אין פייער
און דאָס איז געוועזן איר טויט.
האָט זיך הימל מיט בלוט אויסגעשייערט
און באַגלייט זי מיט בלוט מיט רויטס...
... שטיל ווערט פאַרשווונדן דער ארון
און וואָלקנדלעך רויטע פּאָרויס
טראָגן אַ קרענצל פון קאָרן
מיט בלוטיקע פאַסן באַקרייזט.
און שפּעטער איז הימל געקומען
מיט טונקעלן בלויען געזיכט,
און לאַנגזאַמיק צינדן גענומען
שטערנדלעך — זילבערנע ליכט...

## יא

אין מענטשן געדרענג
האָסט אַ בלענד מיר געטאָן פאַר מיין אויג
און מיך איבעראַשט מיט אַ שמייכל.
געגעבן האָב איך זיך אַ לאַנגן
אַ העפלעכן נויג,
האָט פאַרשטעלט אים אַ מענטש אַ הויכער.
אויב האָסט ניט באַמערקט אים
מיין ווילדן, מיין קנעכטישן בוק,
איז טויזנט מאָל, טויזנט מאָל בעסער.
כ'האָב נאָכדעם אין שפּיגלען
אין אַלע געקוקט
מיט אויגן — צוויי רוצחישע מעסערס,
זיך איבערגעקרימט, זיך געקנייטשט דאָס געזיכט,
גערודפט מיין מידן געוויסן
און באַשטימט האָב איך פעסט,
ווי אַ גאַסיונג מיט דיר זיך באַגריסן.

1930 — 1926
וויטעבסק — קיעוו

יב

פליט טראַמוויי דורך,
הילכט דאָס קלינגל,
בין איך שוין
אַ מינסקער ייִנגל.
נאָך אַ פולן טאָג מיט אַרבעט,
אין אַן אָוונט ליכטיק־קלאָרן,
פול געפּאַקט דער טראָטואַר איז,
אָנגעפּיקעוועט מיט פּאָרן.
נאָך אַ פולן טאָג מיט אַרבעט,
גיי איך אויך אַרויס שפּאַצירן,
אין אַן אָוונט ליכטיק־קלאָרן,
סתּם אַזוי געשפּרעכן פירן.
גוטע פּנימער אַנטקעגן,
קלאַנגען נאָענטע זיך טראָגן,
אַך, וואָלט מען דאָ לידער הערן,
מ׳דאַרף נאָר האָבן וואָס צו זאָגן.
ווי אַ היגער כ׳שטופּ זיך דורך שוין
און איך זוך שוין גלייך באַקענטע
און ס׳ווערט נענטער מיר, אַלץ נענטער
דער ווייסרוסלענדישער צענטער.

מינסק 1932 יאָר



✶

מיינע ניט אויפגעשריבענע לידער
פון נעכטן
און אייערנעכטן —
אַ קויש מיט געבונדענע עופות,
וואָס וואַרטן אויף שעכטן.
דער שוחט, פשוט, ער צאַנקט,
אין אייגענע האַלאַבליעס געפאַלן
דערנעבן זיך וואַלגערט דער חלף,
אויף אים פינקלען און צאַפּלען זיך
זוניקע שטראַלן,
ווי יונגע און הייסע בליקן
פון ליבשאַפט צעגליטע...
די בלייכע ליפּן דעם שוחטס
נאָך שעפּטשען די ברכה פון שחיטה...

1979

# אין גוטן מוט



בלויז נאָר איין שטריכעלע —,
וואָלט פול געווען מיין וועלט.
נאָר צו מיין בילד מיין שיינעם,
פיל איך, פעלט
אַן איין־און־איינציק שטריכעלע —
דער בליאַסק פון גאָלדן צויבער־שיכעלע,
וואָס אין דעם מעשה׳לע האָט זאָלושקע *
פאַרלאָרן.
דאַן וואָלט מיין בילד גלייך לעבעדיק געוואָרן
און שיין, ווי זאָלושקע אַליין.
איז פלאָנטערן זיך אָבער
און מישן די קאָלירן.
און ווי להכעיס,
כ׳קען ניט אויפכאַפּן, דערשפּירן
דעם שטריך דעם סאַמע, סאַמע וויכטיקן,
וואָס וואָלט געבראַכט מיר גרויסע פרייד,
אַ טאָג אַ ליכטיקן.

1964 ,

---

* זאָלושקע — רוסיש, די פאַרמורזעטע, פאַרסאַזשעטע, פון אַ פאָלקס־מעשה׳לע.

## צום הימל־קופּאַל...

מיר שיינט,
אויב איך בין זיך ניט טועה,
דו שושקעס מיר אַריין אין אויער:
„אויפן פּאַרנאַס אַ שפּיל צו טאָן מיט פּייער"...
איך ענטפער דיר, אַז איך באַדאַרף אויף דעם,
אָן שפּאַס,
אַ שלאָפלאָזע אַ לאַנגע ווינטער־נאַכט,
כדי די זאַך פון אַלע קוק־ווינקלען
צעקייען.
און, אגב, אין דער רגע כ'טו אַ טראַכט
און ווער־זשע וועלן זיין די שפּילער? —
ווייל אויב נאָר איך און דו? —
בין איך דאָך ניט שעקספּיר
און דו, ניט שילער...
און ווער צעטריקנטע וועט אויסגעפינען
ביימלעד־שטאַמען,
אַרומהאַקן, צונויפשלעפּן די צווייגן
פון שייטער־הויפן ריזיקן די פּייער־פלאַמען
צום סאַמע הימל־קופּאַל זאָלן שטייגן? —
באַקומט זיך ווידער —
מיר באַצווייט...
אַ, ניין, כ'וועל זיך ניט ספּראַווען, זיכער,
דו, אפשר, יאָ
נאָר איך בין אַ צעלעכערטער,
צעריבענער שוין וויכעטש.
טאָ זאָלן בעסער אונדזערע אייניקלעך,
וועסנע־צייט, ל"ג בעומר
פאַרטאָן זיין אין פאַרשייטער שייטער־פרייד,
אין אָוונט־טונקלעניש
און מיר וועלן דערביי פאַרשטילטע קוקן,
אין אייגענע אָלימפּישע מחשבות איינגעזונקען,
ווי ס'שוועבן, וויגן זיך אין חושך־רוים
די זשוואַווע לעבעדיקע פּייער־פונקען...

1979 י.



אין גאַס מיר קומט אין קאָפּ
נישט זעלטן,
אַ מחשבה.
פון איר הנאה כ׳האָב :
"ס׳קאָן דינען פאַר אַ זייל
פון מיינע נייע פּאָעטישע געצעלטן . . ."
איך שטעל מיך אָפּ :
"פאַרשרייבן עס באַדאַרפט . . ."
איך מאַך נאָך אַ פּאָר טריט...
"און אפשר ניט ?"
און מיין מחשבה, כ׳פּיל שוין, וואַרפט זיך,
ווי אַ פיש אין נעץ . . .
און ס׳רוקט זיין נאָז אַרויס
מיין שאָטנטל נישוועריקער —
דער אַלטער לץ :
"מע כאַפּט עס ביי דיר אויס ?...
ס׳איז מצה־וואַסער ?"
איך ענטפער אים מיט גרימעניש :
פאַרשליס דיין פּיסק
און שטעל אונטערן "שין"
אַ לאַנגן פּתח . . .

# דיינע היינטיקע עצה׳עס...

איבעריקס, — זאָגסטו מיר, —
כוחות ניט פֿאַטער,
ניט ברענג זיך אַרויס פֿון די כלים,
ניט פּלאַטער.
דיר גייט דען אין לעבן
צו אָנרופֿן זאַכן
ביים פֿינקטלעכן נאָמען? —
מע וועט פֿון דיר לאַכן.
זיך אַמפּער ניט, שפּאַר ניט,
דו ביסט דאָך קיין נאַר ניט,
פֿיל רואיקער, לייכטער
זיך נוצן, מיט
„ס׳קען זיין"... „מסתמא"...
„עס דאַכט"... „לפֿי ערך"...
איך ענטפֿער דיר:
דו זאָלסט עס זאָגן? —
איך גלייב ניט.. וואָס הער איך? —
דו פֿלעגסט קעגן יעטווידן אומרעכט
זיך שלאָגן,
זיך היצן און קאָכן,
געוואַגט האָסט מיט אמת —
דער פֿאַלשקייט די אויגן געשטאָכן...
כ׳וואַרף אָפּ דיינע היינטיקע עצה׳עס,
אַ קערעווע טאָן פֿון דיין שטעג כ׳וועל,
אַ צי טאָן די לייצעס...

1971 י.

# ווּעסט אפשר דאַן זיך אויסמענטשלען

דיר זאָגן אָפן כ'וועל —
אַזוי פאַרגרעבט,
אַזויפיל צוגעקלעפט
האָט זיך צו דיין נשמה ברוד
און קויט,
אַז מיט אַ פּראָסטן וויכעטש
צווייפל איך,
צי קען מען עפּעס אויפטאָן.
עס וואָלט געווען גוט
אַ פּרווו טאָן
זיך דורכצוגיין איבער דיין הויט —
דיין פעל
מיט בערשטל דראָטענעם —
אַ סקרעבניצע
צו רייניקן און שייערן די פערד —
נאָר מיט איין תנאי:
ניט בריקע זיך,
געדולדיק שטיי,
מ'זאָל קענען טאָן די שווערע אַרבעט
אומגעשטערט,
ווּעסט, אפשר, דאַן זיך אויסמענטשלען...

1971 י.

## צו די הויכע שטאָלצן...

דו האַלסט פון זיך עולם ומלואו.
און מיט דער פּאָטיליצע דיינער
דערלאַנגסטו צום הימל צום בלויען.
מע זעט קוים דיין נעזל,
אַזוי זיינען הויך דיינע שטאָלצן.
ווערסט ממש פון תענוג
צעפרעגלט, צעשמאָלצן,
בעת עמיצער מאַכט דיר,
דעם לײמענעם חכם
אַ ווינטל פון שבחים,
ווי מיט אַ צענומענעם פעכער:
„דו שטייסט דאָך מיט צעען קעפּ,
מיט צוואַנציק קעפּ העכער...״
איך טו דיר צוליב,
אַ דאגה איך האָב,
איך חזר דאָס לידל,
די לופט איך צעלעכער:
העכער, העכער,
מיט צוואַנציק קעפּ,
מיט הונדערט קעפּ,
שעפּ נחת, שעפּ,
האָב הנאה...

1970 י.

# גרינער אַגרעס

ער גייט אַרום מיט רוגזה אָנגעדרודלט,
ווי אַן אינדיק:
„האָלדער, האָלדער,
די וועלט איז זינדיק,
די וועלט איז זינדיק,
דערצו אַ מיאוסניצע,
ווי די קראָען
און די גאַלקעס,
קומט דער אַלטער קלאַפּטע
מלקות,
מלקות...״
נאָר אומגעריכט,
אַרויפגעשלעפּט ער האָט אויף זיין געזיכט
די פריילעכע און לעבעדיקע מינע...
אַוודאי גוט!
מגולגל איז זי אָבער באַלד געוואָרן
אין אַן אַגרעסט אין אַ גרינעם...
און ווידער — אינדיק,
האָלדער, האָלדער
די וועלט איז זינדיק,
דערצו אַ מיאוסניצע,
ווי די קראָען
און די גאַלקעס,
קומט דער אַלטער קלאַפּטע
מלקות...

## יונג־צעגרינט

ניט לייג צום שלעכטן אויס,
ניט שרעק,
ניט קראַקע,
עס וועט די מאַמע־ערד ניט בלייבן
וויסט און נאַקעט.
זי וועט זיין אייביק יונג־צעגרינט
מיט זאַפט און חיות,
קיין ציבעלע ניט ווערט איז
דיין נביאות.



**נאָך דריי מיליאַרד יאָר דויערן**
**וועט אויפן ערד־קיילעך דאָס לעבן"**
(פון די צייטונגען)

און איך גלויב, אַז ס'וועט דער מענטש — דער האַר
זיך אַן עצה געבן —
אַראָפשלעפּן פון דער מוטער־ערד איר לופט־פּוטער,
אַרויסציען פון די בערג־אָדערן דעם קליי —
דעם אַטאָם, די אַרצן און מעטאַלן
און אין אַ גוטער שעה אַריבערפעקלען זיך מיט דעם
אויף גאָר אַ אַנדער ווייטן שטערן, צי פּלאַנעט,
נאָך איידער ס'וועט
די ערדעניו צעפאַלן . . .

# גוט איז דער קוואַטשקע

ס'איז ווויל דער קוואַטשקע,
אויסגעבריט
א פלוימע
פוכיק־געלע הינדעלעך
און דאַרף פאַר זיי ניט נייען,
קאַנטעווען
און זוימען
העמדעלעך און ווינדעלעך,
איז פריי פון האַווען אין די מאַגאַזינען,
געפינען לויט דער מאָס
סאַנדאַליקלעך
און שיכעלעך
און טאַפּקעס.
פון פרי־באַגינען
שוין קוויטשעט, שפרינגט די פלוימעטשקע אין מיסט
מיט שטייף־פאַרהאַרטעווע לאַפּקעס.



איך בין קיין אויסנאַם ניט,
ס'וועט תמיד אַזוי זיין,
ביים ראַנד אַלץ ליבער ווערט
פון טאָג די העלע שיין.
אפילו ווען דער טריבער סוף
איז שוין דערביי,
דו האָפּסט געהיים
נאָך קומען צו זיך אויפדאָסניי.
און ס'רודערט שוין אין קאָפּ
אַ טרוים, אַ ציל, אַ צוועק,
עס זוכט אַ טרייסט דיין בליק
אין לעצטן זונען־פלעק.
איך בין קיין אויסנאַם ניט,
ס'וועט תמיד אַזוי זיין,
ביים ראַנד אַלץ ליבער ווערט
פון טאָג די העלע שיין.



מיין מזל־טוב, מיין יובל־טאָג
איך וויל אויף העט־העט שפּעטער איבערטראָגן —
מער חשיבות זאָל מיר צוקומען און וואָג
און זיין זאָל איך סאָליד, אַזוי צו זאָגן.
דערווייַלע בערג מיט מי מיר שטייען פאָר,
פאַר רו איז צוגעשלאָסן מיין אכסניה.
און טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר
זיין איינגעטונקט איך וויל אין האָרעוואַניע.
און דאָך איך גיי היינט אום פאַרחושכט, פאַרטרוימט
(כ'ווינטש יעטווידן זיך עלטערן אין פריידן).
מיין יונגע ליד האָט הייס מיר איינגערוימט
ביז הונדערט יאָר מיט מיר זיך ניט צעשיידן.

1965 י.

# אינהאלט